אברהם רייזען

# געזאמלטע שריפטן

פארלאג „פרייהייט"

ניו יארק, 1928

## מיין שפּיעלען

1.

אויף א קליין צעבראָכען פּיעדעל
האָב איך אָבגעשפּיעלט מיין וועלט.
און דערמאָהן איך יעצט דאָס שפּיעלען
לויפט מיין זעעלע דורך א קעלט.

ס'וויינען היטערליך די טענער,
ס'קלינגט אין ד'אוירען נויט־מוזיק.
און עס הערט זיך א בעוויינען
אויפ'ן קבר פון דעם גליק...

2.

כ'האָב דאָס לעבען אויף דער פּיעדעל
פאר דער נויט געשפּיעלט קאָנצערט.
און די נויט האָט אַפּלאָדירט מיר,
און מיט גרויס געפיהל געהערט.

און זי האָט מיר רייך בעשאָנקען,
ווי ס'ערלויבט נאָר איהר פערמעג:
האָט מיט דערנער אויסגעשאָטען,
אויסגעשפּרייט מיין לעבענס וועג...

## שוועד

אָ, מענשען אהער,
דער וואָגען איז שווער
איך קען מעהר ניט פיהרען.
אָ, נעהמט וואָס אראָפּ,
אביסעל, א טראָפּ,
די משא — ניט שפּירען!

דער וואגען געפּאקט
און זאמדיג דער טראקט —
עס ברעכען די גליעדער;
אָ, נעהמט זיי אוועק
די פּעקלעך און פּעק —
איך פאל באלד אנידער!

## דאָס אײביגע ליעד.

יוֹאָס שאַף איך, װאָס זינג איך?
מײן חבר, דו פרעגסט —
כ׳מאך נײע נגונים
צום אײביגען טעקסט.

„בזיעת אפיך״ —
איך פיהל עס און װײס —
„דײן ברױט זאָלסטו עסען
מיט בלוטיגען שװײס״.

„זאָלסט שטענדיג זיך מיהען
אין גאס און אין שטוב,
„עד שובך״ — ביז װאנען
װעסט קומען אין גרוב״.

די תורה, מײן חבר,
הױבט אן זיך דערמיט,
און ס׳נעהמט גאָר קײן ענדע
ט׳פערשאָלטענע ליעד....

## אָרימעם לעבען ...

אָרימעם לעבען! נאָר שטענדיג זיך מאַטערן,
שטענדיג צו לעבען אין נויט:
כוחות די יונגע, די פרישע צו פטר'ן,
זוכענדיג — טרוקענעם ברויט!

וואַגלען און וואַנדערן! וואו טאָגען ניט נעכטיגען,
נעכטיגען ניט, וואו געטאָגט!
הערען דאָס שפּעטען פון בייז־נידערטרעכטיגען,
שווייגען — קיין וואָרט נישט געזאָגט!

בוקען זיך, בייגען זיך נידעריג, נידעריג,
ברעכען דעם קערפּער אויף האַלב;
רעדען תחנונים און וויינענדיג, ציטעריג,
בעטען ביין גאָלדענעם קאַלב!...

שטיקען פערלאַנגען און שטרעבונגען קראַפטיגע
שטיקען און דריקען אין האַרץ;
בלומען פון יוגענד, די פרישע, די זאַפטיגע,
לאָזען צו טרעטען אויף שוואַרץ!...

## צום העמעריל

אח, העמעריל, העמעריל, קלאפ!
שלאג שטארקער א צוויעק נאך א צוויעק!
קיין ברויט איז אין שטוב נישטא,
נאר צרות און לייד אהן אן עק!

אח, העמעריל, העמעריל, קלאפ!
דער זייגער—ער שלאגט שוין באלד צוועלף:
די אויגען זיי מאכען זיך צו —
גיעב כחות — א, גאטוניע העלף.

אח, העמעריל, העמדיל, קלאפ!
שלאג שטארקער די צוויעקעס, שלאג גיך,
ביז מארגען מוז פארטיג שוין זיין
דער גבירה׳טעם טאכטערל׳ם שיך!

אח העמעריל, העמעריל, קלאפ!
ניט גליטש פון מיין האנד זיך ארוים!
מיין איינציגער שפייזער ביזט דו,
פון הונגער אהן דיר געה איך אוים!...

## שוואַרצע פּרעק

(פּאַראָדיע)

שווארצע פרעק און ווייסע קליידער.
יעדע פרוי — א ליעבעס וועזען,
רעסטאָראַנען און טעאַטערס —
וואָלטען טאָלערס נאָר געוועזען!

טאָלערס אין די פּוסטע טאַשען,
וואָלט איך אלץ געקענט געניסען,
אָח צו זעהן עס בלויז מיט ד'אויגען,
ווערט דאָס הארץ צופּלאַצט, צוריסען;

כ'וועל צוריק אהיים ענטלויפען,
וואו די קליינע שטיבלעך שטעהען,
וואו די ווייבלעך טראָגען הייבלעך,
און די קינדער באָרוויס געהען.

כ'וועל צוריק אהיים ענטלויפען,
וואו עס פּאַשע זיך די ציעגען:
וואו דעם שענסטען, גרעסטען רעטאך
קען מען פאר א גראָשען קריגען;

כ'וועל צוריק א היים ענטלויפען,
וואו עס קלאַפּען ניט קיין רעדער:
וואו פון הייזעל ביז צום קלייזעל,
געהט צו פוס פּאַמעליך יעדער.

זיי געזונד, דו שטאָדט, דו טייוועל,
זאָל קיין גוטער דיך ניט קאָנען, —
כ'וועל צוריק אהיים ענטלויפען
און מיט טרערען דיך דערמאָנען.

# אויף א קבר

קיינעם וועט זיין טויט נישט ריהרען,
קיינער וועט זיין טויט נישט שפירען;
שטיל וועט מען אוועק איהם פיהרען
אויפ'ן בית־הקברות פעלד.

שטיל וועט מען זיין ארון טראגען
און קיין שבחים וועט מען זאגען,
קיינער וועט נישט וויינען, קלאגען,
וואס איין ארעם־מענשעל פעהלט;

קיין מצבה און קיין זכר,
אז געוועזען איז א הויכער
און א דארער, און א בלייכער
ארים מענשעל אויף דער וועלט...

און ווי לאנג האט ער געליטען;
און ווי לאנג האט ער געשטריטען;
א, ער האט זיך דאך געראנגעלט,
ווי דער גרעסטער העלד!...

## צו אָרימע יונגלעך

שפּיעלט יונגעלעך, שפּיעלט אייך, פערגעסט אייער נויט,
נאָר בעט ביי די מאַמעס קיין שטיקעלע ברויט:
די מאַמעס זיי האָבען אין שטוב דאָרט געננג:
ווער ס'לאַטעט, ווער ס'וואַשט דאָרט, ווער ס'זיצט ביי דער וויג.
שפּיעלט יונגעלעך, שפּיעלט אייך, אויף דרויסען איז פריי,
און — זעהט איהר, עס טראָגט זיך אַ פייגעל פערביי.

שפּיעלט יונגעלעך, שפּיעלט אייך, פערטשעפּעט נאָך ניט
דעם אַלטען רב בערען, וואָס געהט טריט ביי טריט.
אַ, זעהט איהר זיין בליק, ווי ער קוקט אַזוי טריעב,
דאָס שפּיעל אייערס שטעכט איהם, ער האָט עס ניט ליעב.
דאָס לעבען דאָס הארטע האָט האַרט איהם געמאַכט —
אַ, יונגעלעך ליעבע, פאַר אייך ניט געדאַכט!

שפּיעלט יונגעלעך, שפּיעלט! נאָר אָהן טומעל, אָהן האַסט,
נאָר שפּיעלט אייך אַזוי ווי פאַר אָרעמע פּאַסט!
און שפּיעלט איהר אין פערדלעך, טאָ שמייסט ניט דאָס פערד:
עס וועט איהם איין אמת'ער פערד זיין בעשערט:
עס וועט איהם דאָס לעבען נאָך נעמען אין שפּאַן.
אַ, שמייסט איהם ניט קינדער, אַ שוינט איהם ביז דאַן!...

## מאי-קא משמע-לן?...

1.

מאי קא משמע-לן דער רעגען?
וואס-זשע לאזט ער מיר צו הערען? —
זיינע טראפּענס אויף די שויבען
קויקלען זיך, ווי טריעבע טרעהרען.
און די שטיוועל איז צוריסען,
און עס ווערט אין גאס א בלאטע:
באלד וועט אויך דער ווינטער קומען —
כ'האב קיין ווארעמע קאפּאטע...

. . . . . . . . . . .

2.

מאי קא משמע לן דאס ליכטעל?
וואס'זשע לאזט עס מיר צו הערען?
ס'קאפּעט און עס טריעפט איהר חלב
און ס'וועט באלד פון איהר נישט ווערען.
אזוי צאנק איך דא אין קלייזעל,
ווי א ליכטעל, שוואך און טונקעל,
ביז איך וועל אזוי מיר אויסגעהן
אין דער שטיל, אין מזרח-ווינקעל...

. . . . . . . . . . .

3.

מאי קא משמע לן דער זייגער?
וואס'זשע לאזט ער מיר צו הערען,
מיט זיין געלבען ציפער־בלעטיל,
מיט זיין קלינגען, מיט זיין שווערען?

ס'איז אן אנגעשטעלטע כלי,
ס'האט קיין לעבען, קיין געפיהלען.
קומט די שעה, דא מוז ער שלאגען,
אהן זיין רצון, אהן זיין ווילען...

. . . . . . . . . . .

4.

מאי קא משמע לן מיין לעבען?
וואס'זשע לאזט עס מיר צו הערען?
פוילען וועלקען אין דער יוגענד,
פאר דער צייט פערעלטערט ווערען.
עסען „טעג“ און שלינגען טרערען,
שלאפען אויפ'ן פויסט דעם הארטען,
טוידטען דא די „עולם־הזה“
און אויף עולם הבא ווארטען...

# אין א לאנד

אין א לאנד א ווייטען, ווייטען,
אבגעשניטען פון דער וועלט,
אין א שטיבעלע אן ענגער —
שמאכטען זיי פאר הונגער, קעלט...

אלע קליידער — שוין צוריסען
און דאס לעצטע העמד צופליקט,
און די באקען איינגעשרומפען
פון דעם הונגער וואס זיי דריקט.

שווייגען אלע — און די אויגען
קוקען ערגעץ בלינד און שטאר;
אויף די פנים'ער פערגליווערט
ליגט א פחד און א צער.

שווייגען אלע — ביז זיי פאלען
און זיי שרייען בלויז פון שלאף,
ווי זיי וואלטען אין דעם חלום
פון דער וועלט געזעהן דעם סוף.

איינער בלויז קען דארט ניט שלאפען
און ער שטעהט און ווארט שוין לאנג...
אין זיין הארץ האט נאך די האפנונג
ניט געענדיגט איהר געזאנג...

און ער האלט די אויגען אָפּען,
קוקט אין פענסטעריל ארוים,
און ער זעהט א ים א ברייטען
און א שיף — זי שווימט פאַראוים;

ס'קומט די שיף פון ווייטע לענדער
צו בעפרייען זיי פון נויט,
און די שיף איז אָנגעלאדען
אי מיט קליידער, אי מיט ברויט...

די מאַטראָזען איילען, איילען...
און דער גוטער קאפּיטאן
טרייבט די שיף אלץ פאָרווערטס, פאָרווערטס
ווי פיעל קראפט ס'איז נאָר פאראַן!

„העי מאַטראָזען, גיכער!" הערט זיך
ווי דער קאפּיטאן ער שרייט...
און די שיף זי יאָגט אלץ שנעלער
און די שיף איז שוין ניט ווייט.

ביז ער איז צו לעצט געפאלען
און איז איינגעשלאָפען טיעף,
און מיט צוגעמאכטע אויגען
נאָך געזעהן, ווי ס'שווימט די שיף...

## דער גמרא ניגון

וואָס'זשע קלאָגסטו ביי דער גמרא,
קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליעבער,
און דיין וויינענדיגער ניגון
אין מיין הארצען געהט אריבער:

און מיין אויג איז פייכט געוואָרען,
מיט א טרער איז עס פערלאָפען.
קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליעבער,
זאָג וואס האָט מיט דיר געטראָפען?

צי דו בענגסט א היים נאָך דיינע
טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער,
וואָס אָהן זיי ביזטו געבליעבען,
ווי א שיפעל אָהן א רודער.

אדער אויפ'ן „טאָג" ביי לייב'ען
ביזט א לאַנגע צייט געזעסען,
ביז מען האָט געזאָגט: „נו בחור,
נעם די קוואָרט און וואַש זיך עסען"?

אדער אפשר גלאַט דו שעמסט זיך
עסען ברויט אויף פרעמדע טישען
און מיט בלוט, מיט הייסע טרערען
שלינגסט אראָפ דיִ יעדער ביסען?

אדער ס'פעהלט דיר אוים א „מאָנטאָג"
און עס האָט דיר שוין געטראָפען
ניט איינמאָל זיך לעגען הונגריג
אויף דער הארטער באנק און שלאָפען ?

און דו האָסט זיך איצט דערמאָנט אלץ
און דו קענסט עס ניט פערטראָגען,
אוי ביי רבא'ן, ביי רב פפא'ן
ווילסטו איצט דיין וועה אויסקלאָגען.

העב'זשע העכער אויף דעם ניגון
שטארקער, העכער דרעה די טרעלען:
ביי די הייליגע נגונים
דארף זיך עמען גאָר ניט וועלען...

## נאכט און קאלט...

נאכט און קאלט. דאס קליינע שטיבעל
קוקט ווי א גרויסער קבר אויס.
און דאס ארימע געזינדעל
קען פון דארטען ניט ארויס.

און די שויבען פון די פענסטער
קוקען אזוי שטאר און ווילד,
ווי די אויגען פון געשטארב'נע — —
דרויסען שפּיעלט דער ווינד און שפּיעלט.

ס'שפּיעלט דער ווינד א מתים־נגון
הינטער שטיבעל אויף דער גאס.
און די מתים אין דעם שטיבעל
הארכען צו אהן צער, אהן כעס...

## די פרוי

אויף א שמאָלען הויפ'ל,
וואו עס שוועבט די נויט,
שטעהט די שווארצע מטה,
און פערצעהלט פון טויט.

ווער עס געהט פאַראיבער
שטעלט זיך פּלוצים אב,
און די הענד פערברעכט ער
שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

און פון שטיבעל רייסט זיך
יאָמער און געשרעה,
ס'נעהמט אדורך די זעעלע
מיט א ווילדען וועה!

און די ווייבער — שכנה'ס —
קומען זיך צונויף,
און די קוואַלען טרערען
עפענען זיך אויף.

איינע וויינט און טענה'ט:
„זאָלסט א מליצה זיין
כ'האב געוואוסט דיין לעבען —
פול מיט נויט און פיין.

פלעגסט מיר אויס דערציילען
דיינע צרות פעק,
ווי עס איז דיין לעבען
טרויעריג אוועק:

ווי דו ביזט געוועזען
יונג א מאָל און שיין,
נאָר דו ביזט געוואַקסען
עלענד און אליין,

ווייל דיין ליעבע מוטער
איז געשטאָרבען יונג,
און דיין בייזע מוהמע
מיט איהר גלאַטער צונג

פלעגט דיך זידלען, שילטען,
שלאָגען אָפט מאָל אויך;
פלעגסט עס שטיל פערטראָגען:
ווײנען, נאָר ניט הויך...

און ווי נאָכדעם האָסטו
חתונה געהאַט
און פערוועלקט געוואָרען,
ווי פון בוים א בלאַט:

פריהער פון דער שוויגער
און פון מאַן דערנאָך,
און פון אָרים לעבען,
און פון שווערען יאָך:

און פון „האדעוואניע“:
מאזלען, דיפטעריט...
און פון „יונגע“ קברים —
(שטארקער גאט, בעהיט!...)

פון דער שכנה׳ס טענות,
פון איהר גלאטען מויל
יאמערען די ווייבער,
וויינען אויפ׳ן קול...

א, די קלוגע שכנה
האט זיי אוים געזאגט
דאס, וואס טיעף אין הארצען
יעדע פון זיי טראגט...

און די טרערען פאלען,
גיעסען זיך אראפ
אויפ׳ן קאלטען קערפער,
אויפ׳ן טויטענס קאפ...

## דער מענש

נעהם אריין אנ׳אָרימאַן
מיעד און איינגעבויגען,
שטעלט זיך שטיל אוועק ביי׳ן שוועל,
הייבט און וואַרפט די אויגען.

יעדעס מענשליכעס געפיהל
אין זיין אויג פערלאָשען,
און ער שטרעקט אויס שטום די האנד,
בעטעלט שטום א גראָשען.

ס׳איז דער מענש! די קרוין דער וועלט,
ס׳העכסטע פון די בריות! —
זעהט, ווי ניעדעריג ער איז,
ווי געמיין, ווי מאוס!

קליינע ווערים דאָרט אין דר׳ערד
זיינען זעלבסט זיך שפייזער,
און דער מענש, די קרוין, די קרוין,
בעטעלט אין די הייזער!..

# אָרימע מענשען

אונזער שכל, אונזער חכמה,
אונ'זרע קלוגע, שאַרפע ווערטער,
הערט מען נישט אין קיין געזעלשאַפט,
קלינגען נישט אין קיינע ערטער —

שטאַרבען אָב מיט אונז צוזאַמען, —
שטאַרבען אָב מיט אונז, קבצנים, —
קיינער ווייס פון אונזער שכל,
און מיר הייסען די נאַראָנים.

אונזער שיינקייט, גאָט'ס מתנה,
מערקט נישט קיינער, זעהט נישט קיינער,
ביז עס עסט אונז אויף דער דלות
און מיר בלייבען הויט און ביינער.

און דעריבער, אַז מיר ריידען
לאַזען מיר אַראָב דאָס פּנים,
און די ווערטער שטיל, געוואויגען,
ווי עס פּאַסט פאַר אונז, קבצנים.

און דעריבער, אַז מיר שטאַרבען
מאַכט מען נישט קיין גרויסען וועזען,
ווי אַ רויך ווערט גיך פערשוואונדען,
ווי גאָר קיינמאָל נישט געוועזען...

## צו א ברודער

דער הימעל פערצארענט,
די ווינדען — זיי בלאזען;
וואו ביזטו, מיין ברודער,
פערגעסען, פערלאזען?

וואו ביזטו פערוואָרפען,
אין וואָס פאר א שטעדטיל?
צי האָסטו א דירה,
צי האָסטו א בעטיל?

איך זעה אויפ'ן הימעל
די וואָלקען זיי שוועבען:
און זעה איך זיי שוועבען —
דאן ווייס איך דיין לעבען.

עס דרינגען די קלאנגען
פון ווינד אין מיין אויער;
עס גיעסט זיך מיר, ברודער,
אין הארצען דיין טרויער...

## ווינטער-ליעדער

1.

עס רוקט זיך דער ווינטער
אריבער דער וועלט,
און שרעקט אב דעם עולם
מיט ווינטען און קעלט.

און חיים דער סטאליער
פאר שרעק איז גאר טויט,
ער האט אין דעם זומער
פיעל הייזער געבויט;

געמאכט זיי אי ווארים,
געמאכט זיי אי פעסט,
עס זאל צו זיי האבען
קיין שליטה די פרעסט.

פעררריכטען זיין הייזעל
האט ער נאר פערפעהלט,
אריין זאל ניט קומען
די בעטערע קעלט.

דאס רעכעל אין לעבער
האט ער ניט פערדעקט,
ער האט ניט אפילו
די שפאלטען פערשטעקט.

אוי, אָרמער! דיין אַרבייט
האָט אַלעם בעהיט
פון גרויזאַמען ווינטער,
נאָר דיך אַליין — ניט!...

2.

און לייבעל דער שניידער
— א יודעל קיין גבר —
אַט ממש א לולב,
אזוי איז ער דאַר!

און דאַרף ער ארויסגעהן
אין מארק, צי אין גאס,
פערשעלט ער דאָס לעבען
אין בייז און אין כעס.

ער האָט ניט ערוואַרטעט
דעם ווינטערס בעזוך,
עס פּרעכט זיינע ליפּען
א ביטערער פלוך...

נעארבייט האט לייבע
ווי טאָג אזוי נאכט, —
און האָט דאָך קיין בגד
צום ווינטער געמאכט!

ער האָט פון נאָך פּסח
ביז סוכות געניייהט,
אין ווארימע בגדים
פיעל מענשען בעקליידט.

נאָר זיך עפּעס מאַכען,
ס'איז פּשוט אַ שאַנד!
האָט ער ניט בעוויזען:
פערקויפט איז זיין האַנד!

## דאָס געבעט

עס הערט זיך דער דונער פון ווייטען,
עס בלענדט אין די אויגען דער בליץ: —
אַ, גאָט האָב רחמנות, די אַר׳מע
פון בייזען געוויטער בעשיץ.

וואָס ארבייטען שווער אויף די פעלדער,
געפינען זיך ווייט פון דער היים
און האָבען קיין ארט, וואו זיך שיצען,
קיין שייער, קיין דעכיל, קיין בוים!

וואָס זיינען אוועק אונטערוועגענס,
די פוהרען מיט משא פערלייגט
און ווייט איז פאר זיי נאָך א קרעטשמע,
און ווערען פון רעגען צואווייקט.

וואָס שטעהען אין מארק מיט די קוישען:
מיט עפיל, מיט גרינס און מיט ברויט —
און אלע, וואס זענען איצט דרויסען,
וואס טרייבט זיי דער הונגער און נויט.

און אלע וואס זענען פערוואנעלט,
וואָס האָבען קיין ווינקעלע ניט, —
די אלע פון בייזען געוויטער
בעשירמע זיי, גאָט, און בעהיט!

## דער אידישער אזרא

אלע אבענד קומט דאס מיידעל
צו דעם ברוגעס שעפען וואסער:
זי בעגעגענט דארט א יונגעל,
יעדער אבענד ווערט ער בלאסער.
„זאג ווער ביזטו?“ האט זי טרויעריג
איהם א מאל א פרעג געגעבען —
„דיין געבורטסארט וויל איך וויסען,
וואו דו האסט פערבראכט דיין לעבען?“
און ער האט איהר שטיל געענטפערט:
כ׳בין פון עלענד, גויט א זינגער:
מיין געבורטסארט איז די „ליטא“,
וואו מען שטארבט אין גאס פון הונגער...

## אַ געזינד זאַלבע אַכט.

א געזינד זאַלבע אַכט,
און בעטען נאָר צוויי, —
און קומט אַן די נאַכט,
וואו שלאָפען דאַן זיי ?

דריי מיט'ן טאַטען,
און דריי מיט דער מאַמען —
הענטלאַך און פיסלעך,
געפלאָכטען צוזאַמען.

און קומט אַן די נאַכט,
מ' דאַרף מאַכען די בעטען,
דאַן הענגט אַן די מוטער
דעם טויט אויף זיך בעטען.

זי מיינט מיט אַנ'אמת, —
עס איז נישט קיין וואונדער :
אויף ענג איז אין קבר,
דאָך ליגט מען בעזונדער...

## עס פוילט

דראבנע טראפּען גיעסט דער רעגען
לאנגע שטונדען נאכאנאנד ;
מיט דעם קוישעל עפּעל, בארנעס
זיצט די ארמע ביי א וואנד.

זי בעטראכט מיט אנגסט און שרעקען
איהר פערמעגען און איהר גרווילט,
און מיט ציטערדיגע ליפּען
קלאגט זי שטיל : עס פוילט, עס פוילט !

יעדער קונה, טראכט די ארימע,
טאפּט די פּרי, דריקט און דריקט
און דערצו נאך האט די רעגענס
אזוי פריה גאט אנגעשיקט.

אלע פרעסען, אלע דריקען,
גאט און מענשען — ווי דאס גרווילט !
און צוזאמען מיט איהר סחורה
זיצט די ארימע און פוילט...

## די יוגענד

איך וועל געהן מיין יוגענד זוכען,
ס'איז א שאָד די בעסטע יאָהרען;
איך געדענק דאך אלע ערטער,
וואו איך האב זיי אנגעוואָרען.

כ'קום פערביי א קליינעם שטיבעל,
כ'האָב געלערענט דאָרט אין חדר:
מיט א קאנטשיק זיצט דער רבי —
ס'נעהמט מיין זעעלע דורך א שוידער:

מיט א קאנטשיק זיצט דער רבי,
די תלמידים אין איין קלעמען, — — —
קינדער־יאָהרען, שווארצע יאָהרען,
ניין, איך וועל אייך איצט ניט נעהמען!...

געה איך ווייטער זוכען, זוכען
מיינע יאהרען וואס פערפלויגען:
שטעהט א שטיבעלע א קליינעם,
איינגעהויקערט, איינגעבויגען.

און עס עפענט זיך א טירעל
און עס בייזערט זיך און סקריפעט,
טאטע־מאמע זיצט אין ווינקעל
און א קינד אין וויעגעל חליפעט.

און א שוועסטער שילט א ברידער,
און פון לעמפּעל שפּארט א רויך, —
יאהרען יונגע, יאהרען שווארצע,
נייז, איך לאז אייך איבער אויך !...

## אין דער אָרימער גאָס

און וואו נאָר דו טהוסט זיך א קעהר,
אין דער אָרימער גאָס אז דו געהסט,
דערזעהסט דו א טרעהר נאָך א טרעהר
און זוכסט פאַר דעם עלענד א טרייסט.

און קוקסט דו זיך טיעפער ארום,
דאַן זעהסט דו — מען פאַלט און מען פאַלט,
דאַן נעהמט דיך א שוידער ארום,
און אויפהויבען ווילסט דו זיי באַלד.

עס ברעכט דיר דיין הארץ, דיין געמיט
זיי טהוען דיר אַל אזוי וועה —
נאָר אויפהייבען קענסט דו זיי ניט,
דו פאַלסט נאָר צוזאמען מיט זיי...

## ווי קום איך?

ווי קום איך צו זינגען? פון וואנען מיין קינד!
ביי אונז האט אין קוימען געברומט נאר דער ווינד;
די קינדער — זיי פלעגען נאר זינגען: האם! — האם!
און אפטמאל די מאמע — א קללה צום גראם.

ווי קום איך צו שיינהייט? פון וואנען, מיין קינד!
דער וועג צו די פעלדער — דורך גויים און הינד...
די נאם איז געווען אזוי ארים און וויסט,
ביי איטליכער טיר נאר — א בערנעלע מיסט...

## וואָס איך האָף

וואָס איך האָף און וואָס איך וויל,
וועל איך אייך ניט זאָגן, —
איך וועל וואַרטן, וואַרטן שטיל
ביז ס'וועט נעהמען טאָגן.

און דער ערשטער זונען־שטראַהל
וועט אייך שוין דערצייהלען,
וואָס איך האָב אין הארצענס קוואַל
טיעף פון אייך פערהיילען.

און דאָס ערשטע פייגעל־ליעד
וועט אייך שוין פערקונדען,
וואָס איך האָב געוויינט ביז מיעד
אין די שווארצע שטונדען...

## ווען איך זעה...

ווען איך זעה די ביימער בליהען,
און די פייגעל שוועבען, פליהען:
ווען פון הימעל, ווי א כלה,
שמייכעלט ליעב די זון פאר אלע, —
פרעג איך טרויריג, פול מיט קומער:
וואס בעדייט עס — איז דען זומער?
*
ווען פערדארט איז בוים און צווייגעל,
פייגעל זעה איך נאר אין שטייגעל:
ווען די זון ווערד גאנץ פערשווינדען
און עס הײלען בייזע ווינדען, —
פרעג איך ניט: וואס זאל׳ס בעדייטען?
כ׳וויים די צייטען, כ׳קען די צייטען!...

## אַ גיכער משיח

אַ גיכער משיח, אַ גיכער שויז, קום!
עס רינגעלט די גאַנצענע וועלט שוין אַרום,
ווי ניפּטיגע שלאַנגען דער הונגער און נויט,
און הפקר און פּחד, און אַנגסטען און טויט.
עס וויל שוין ניט אַלעמען שפּייזען די ערד —
אַ, קום שויז, משיח, אויף'ן ווייסינקען פערד.

*

אַ, קום שויז משיח! עס דריקט אומעטום
די קייטען פון קנעכטשאַפט אַרום און אַרום;
עס האָט שוין קיין אָרט דאָס אונשולדיגע בלוט,
וואָס שפּריצט און וואָס גיעסט זיך פון אונטער דער רוט.
עס ראָסטעט פון מענשליכע בלוט שוין דער שווערד —
אַ, קום שויז, משיח, אויף'ן ווייסינקען פערד!...

## וואָס שטעהט אונז נאָך פאָר?

וואָס שטעהט אונז נאָך פאָר
אין עתיד אין ווייטען.
וואָס וועלען מיר זעהן
אין קומענדע צייטען.

צי וועט מען אלץ הערען
די זיפצען און טרערען
פון אָרמען און שוואַכען?
צי וועט אלץ פערטימלען
די ערד און די הימלען
פון רויבער דאָס לאַכען?

צי וועט נאָך אלץ הערשען
דער ביקס און דער שווערד,
מיט מענשען־בלוט פעטער
צו מאַכען די ערד?

צי וועט נאָך אלץ קלינגען
פון קנעכטשאפט די קייטען —
איין ברודער זאָל דיענען,
פערקויפט זיין דעם צווייטען?

וועט אלץ נאָך זיך ציהען
פאר אמת די שלאַכט? —
אָך, ווער וועט פאַרט זיעגען —
דער טאָג, צי די נאַכט?...

## צום פריהלינג

קום שוין, ליעבער פריהלינג, קום.
דען עס שמאכט דא יעדע בלום.
און די ארמע, צארטע רויז,
שטעהט אהן קנאספען, נאקעט, בלויז.
אויף דער שטארקער אייכענבוים
שטעהט פערמאטערט, אטהעמט קוים.
און די פויגעל וואגלען לאנג
אין דער פרעמד דארט, אהן געזאנג...

פייגעל! ווי ב'דערמאהן אן זיי
טהוט דאס הארץ מיר אזוי וועה...
זיי פעריאגט, אומזיסט, אהן זינד,
האט דער בייזער ווינטער־ווינד,
און דער וואלד איז וויסט און לעער —
נאר איז נארע ברומט דער בער...
פריהלינג, פריהלינג, גיכער קום
און די פייגעל קעהר אונז אום!

פריהלינג, פריהלינג, קום געשווינד,
נאר אהן שטורעם, נאר אהן ווינד.
ס'האט דער ווינטער יעדען זאפט
אויסגעזויגען, יעדע קראפט.
אוי, דער וואלד איז קראנק און מיד,
האט שוין ניט קיין גאנצעם גליעד,
שטראהלען, שטראהלען ברענג איהם פיעל,
הייל איהם, הייל איהם, אבער שטיל...

## צו מיין הארץ

וואס קלעמסטו מיין הארץ, א דו קינדערשעס הארץ
ס'איז צייט שוין צו ווערען דיר קליגער:
דו לעבסט אין א צייט, ווען יעדער איז הארט,
ס'פערוואנדלען זיך פייגעל אין טיגער.

דו לעבסט אין א צייט דאך פון אייזען און שטאהל, —
א, הערסט דו דאס רוישען, דאס קלאפען? —
דאס אטהעמט די וועלט מיט איהר ריזיגער ברוסט,
ווי א גזלן, וואס וויל אלץ פערכאפען!

דו לעבסט אין א צייט, ווען עס ווערען פערשטיקט
געפיהלען און ליעדער, און טרעהרען:
ווען ס'הערשט נאר דער הארטער מעטאל און ער דריקט,
נאר דו ווילסט אלץ הארטער ניט ווערען...

## און האסטו דיין זעעלע...

און האסטו דיין זעעלע דעם טייוועל פערקויפט
און פעק אסיגנאציעס גענומען, —
זיי רוהיג, מיין חבר, ניט שרעק זיך, דו וועסט
א זעעלע א צווייטע בעקומען.

זי וועט נאך זיין שעהנער, געזינטער ווי פריה׳ר,
זי וועט דיר נישט וועה טהון, ניט שמארצען,
און גוטס וועט זי טהון נאר, און ריין וועט זי זיין,
עס וועט זי קיין פלעק ניט פערשווארצען.

און האסטו דיין זעעלע דעם טייוועל פערנארט,
ער האט דיר א מיטאג געגעבען,
דא ביסטו פערלאהרען, מיין ארימער פריינד,
עס איז שוין צובראכען דיין לעבען.

דער טייוועל, ער האלט ניט דיין זעעלע פיעל צייט —
ער וועט זי צוריק דיר אומקעהרען.
זי וועט אבער פוילען און וועלקען ביי דיר,
און שווארצער און שווארצער אלץ ווערען...

## בוימער

ווינטער זיינען הויל די בוימער,
ווי פערשטיינערט שטעהען זיי,
און דער קאלטער פראָסט ער פּרעסט זיי
און דער הימעל שיט מיט שניי.

און מיט קאלטקייט פון א דענקער
טראַכטען זיי אין הארץ דערביי:
וואָס דער ווינטער איז אלץ בייזער,
וועט אלץ ליעבער זיין דער מאַי.

## דער פרייער ים

שטעל דעם לעבען ניט קיין כללים,
ניט פּערצאַם!
זאָל עס פריי און האַסטיג פליעסען,
ווי דער ים!

דו ווערסט זאָגען: „ס'איז געפעהרליך" —
כ'וויים אליין:
אבער זעה! דאַס בילד ווי הערליך,
און ווי שיין!...

## דער אָדלער

ב'האָב געזעהן דעם אדלער
אין א שטייג פון אייזען,
וואו ער קען זיין פליהען
קיינמאָל ניט בעווייזען:

וואו די פליגעל זיינע,
ווען ער וויל אויפהייבען,
ווערען זיי צושלאָגען
אַן די גראַטעס אויבען...

און איך האָב געזעהען
אויף זיין בליק דעם שאַרפען...
וואָס ער פלעגט דער נאָכדעם
פון דער שטייג מיר וואַרפען...

און איך האָב געלערענט,
וואָס הייסט פ ר י י ה י י ט זוכען,
דריקער צו פערדאַמען
און געפאַנגשאַפט פלוכען...

## די צייט

די צייט — זי איז אַנ׳אַלטע פרוי,
אָהן שכל, אָהן פערשטאַנד,
זי זיצט זיך רוהיג אויפ׳ן שטוהל
און שטריקט אַ זאָק אין האַנד.

די מענשען, איהרע קינדערליך,
זיי שלאָגען זיך ביז בלוט, —
זי הערט עס ניט, איהר אַרט עס ניט:
זי זיצט און שטריקט בערוהט.

די מענשען, איהרע קינדערליך,
די שווערע נויט זיי דריקט, —
זי שפירט עס ניט, זי פיהלט עס ניט:
זי זיצט און שטריקט און שטריקט!

אַ, דומע פרוי, ביז וואַנען, ביז וואַנען?
עס האָט דאָך אַלץ אַ חק!
זי גיט אַ געניץ שלעפריג: האַאַ? —
און שטריקט זיך אַלץ איהר זאָק...

## די נייע סחורה

כ'האָב געבראַכט אַ סחורה
אויפ'ן וועלט־יריד:
עכטע, ריינע ליעבע —
ס'פינקעלט און עס גליהט!...

פאַר דער עכטער סחורה
בעט איך נישט קיין געלד,
כ'וויל נאָר גליק און נחת
ברענגען אויף דער וועלט.

„נעמט אומזיסט די סחורה!"
רוף איך הויך און שטאַרק.
נאָר פון ווילדען לאַכען
הילכט דער גאַנצער מאַרק.

„אַ, דו נייער סוחר —
ביזט אונז שוין בעקענט!
נאָר דיין שענע סחורה
טראָגט נישט קיין פּראָצענט.

אונזער גאַנצער האַנדעל
וועט פערגעהן, ווי ווינד —
קענסט ניט דעם יריד נאָך,
ביזט נאָך גאָר אַ קינד".

— „ניין איך בין קיין קינד נישט —
חאנדעל ווייס איך גוט: —
זיינע פונדאמענטען:
פרעמדע שווייס און בלוט..."

# די קירכען-גלאָקען

אך, וואָס קלינגט איהר קירכען-גלאָקען!
הערט שוין אויף! גענוג געשראָקען
האָבען איי'רע ווילדע טענער
אונזער אָר'מע וועלט!

אייערע טענער, דאכט זיך רופען
צו פערברענען מענשען גוף'ן
אויף די הויכע עשאַפאָטען,
וואָס איהר האָט געשטעלט;

איי'רע טענער, רופען הענקער
צו מאַרטירען יעדען דענקער,
יענעם קאָפּ אראָב צו האַקען,
וועלכער בייגט זיך ניט;

אַ, איהר ווילט די וועלט פערוויעגען
מיט אַ שוואַרצען, טויטען ניגון
און פערדעקען מיט אַ מאַנטעל
פון אַ יעזואיט!

כ'האָב אַ נייעם גלאָק בעשאַפען,
צו ערוואַכען טויטע שקלאַפען —
ניט אין קירכען, — אין דער לופטען
הענג איך איהם ארויף;

ניט צו שרעקען, נאָר צו וועקען
נאָר די וועלט אין אַלע עקען,
קלינגט ער מוטהיג, רופט ער פרעהליך:
שטעהט צו לעבען אויף!

## איצט פערשטעה איך...

איצט פערשטעה איך, וואָס די פייגעל
זינגען אזוי לוסטיג, פרעהליך:
אין דעם גרויסען וואלד דעם גרינעם
הערשט ניט איבער זיי קיין מלך.

יעדעס גרעזעל, יעדעס בלימעל
איז פאר אלע פריי און אפען,
און די וואָהנונגען בחנם —
אלע האָבען וואו צו שלאָפען...

איצט פערשטעה איך, וואָס די פייגעל
זינגען, קלינגען — ליעב און ליעבער:
אך, זיי זינגען, וואָס זיי ווילען,
קיינער, קיינער שלאָגט נישט איבער...

## דער סוד

ווי עס שרעקען מיך געשטאלטען,
וואו איך שטעה און וואו איך געה!
שרייען וואלט איך, נאר מען טאר ניט.
אוי, ווי ברענט דער שטומער וועה.

ס'איז א סוד און ס'ווייסען אלע
און עס שווייגען אלע שטיל;
איך ערלויב מיר נאר אויסרופען:
אוי, קרבנות אזוי פיעל!

נאר ענטפלעקט דעם סוד ניט קיינעם
ווען איהר ווייזט זיך אויפ'ן גאס,
לאזט די שטיינער טרוקען ווערען,
זעהט, זיי זיינען אזוי נאס!

זעהט, די ווייסע הויכע הייזער
שטעהען אלע נאך פערפלעקט — — — —
ניט ענטפלעקט דעם סוד פאר קיינעם,
עהדער איהר האט אנגעפרעגט...

## עפּים הער איך

אַמאָל הער איך שטימען ברומען
אין דאָס ווייטע — נאָהנ׳טע לאַנד:
רופט מען מיך אהין צו קומען? —
ס׳איז בעקאַנט און אונבעקאַנט...

עפּעס הער איך ווינדען בלאָזען —
גלעטען זיי, צי טרייבען זיי?
זאָל איך צו מיין לאַנד זיך לאָזען?
עפּעס גלויבט זיך און ס׳טהוט וועה...

אַמאָל הער איך פייגעל זינגען,
אז דער ווינטער האָט געעקט:
זאָל מיין ליעד אין האָר אויך קלינגען?
עפּעס ציהט און עפּעס שרעקט!...

## אין ווינטער

זאט די פערד, דאַס שליטען — נײַ
און דער וועג איז ברייט און פרײַ...
פוהרמאַן, פוהרמאַן, זאָלסט מיך פֿראַגען,
פרעגסט: וואוהין? איך קען ניט זאַגען...

כ'ווייס קיין ציעל און ווייס קיין וועג
אין די קורצע ווינטער טעג...
ביז איך וועל מיין וועג בעקלערען
קען דער שנעע צוגאַנגען ווערען...

## וואו נעהמט מען?

עס איז מיר געוואָרען שוין מאוס
אין גאנצען די וועלט;
וואו נעמט מען אביסל נביאות
ריין, נישט פערשטעלט?...

וואו נעהמט מען אביסל נביאות
אזוי ווי אמאָל;
דאָס וואָרט זאָל דאָרט פליעסען מיט חיות
און קלאָר ווי קריסטאָל.

דער נביא זאָל דאמאָלס ניט טראכטען
פון רוהם, פון זיין נוץ —
ער זאָל נאָר דאָס בייזע פאראכטען
און וועקען צום גוטס;

ער זאָל אין די הערצער נאָר צינדען
דעם געטליכען פלאַם,
ווי רויך זאָל פון דאָרטען פארשווינדען
דער טייוולשער סם!

וואו נעמט מען א נביא פון אויבען
א הער־צו געשיקט,
ער זאָל אונז אביסעל דערהייבען —
מען ווערד דאָך דערשטיקט!...

## צו די פייגעל

פרייהליך זינגען אַלע פייגלעך
אין דעם גרינעם וואַלד און זאָגען:
„מענשעל! קום צו אונז פערברענגען,
וועסט פערגעסען דיינע קלאָגען!

רוה זיך אויס דאָ אונטער שאָטען,
פון די צווייגענדיגע בוימער!
פריי איז אונזער וואַלד פאַר יעדען —
קיין געוועלטיגער, קיין שומר!"

— אַך, ווי נאַריש זענט איהר, פייגלעך:
וואָלט איהר קענען עפּעס לעזען,
וואָלטען דאַמאָלס איירע ליעדער
אַזוי פרייליך ניט געוועזען!

איהר וואָלט לעזען די „פּאַפּיערען",
וואָס בעשטעטיגט האָט נאָטאַריעס:
אָבגעקויפט די בוימער אַלע
האָט דער סוחר בערע חאַריעס.

וואָלט איהר וויסען פון דער מכירה,
אַנדרע ליעדער וואָלט איהר קנאַקען!...
ווייסט איהר פייגלעך, אַז נאָך שבת
הויבט ער אַז דעם וואַלד צו האַקען!...

## עהרליכע ארבייט

„עהרליכע ארבייט, עהרליכע מיה" —
לענען זיך שפעט און אויפשטעהן פאר פריה.
ארבייטען פיערצעהן און לעבען — קיין שעה —
וואו איז די ברכה, פרעג איך אייך, דא?
„עהרליכע ארבייט וואהל איז צו דיר!" —
וואו איז די וואהלקייט? ענטפערט פארט מיר!

עהרליכע ארבייט, עהרליכע מיה:
צוועקעליך קלאפ, די נאדעלע ציה;
מויער זיי הייזער, קריך אויפ'ן דאך,
אין דר'ערד געה נאך קוהלען, ניט קוק אויף קיין זאך,
שטעל אין סכנה דיין לעבען, דיין בלוט —
עס וועט דיר שוין וואהל זיין, עס וועט דיר זיין גוט!..

## די וואנד

די אויגען — פול־צארען, פערגאסען מיט בלוט,
די הערצער — זיי שלאגען מיט קראמפּ און מיט מוט —
מיר שטעה׳ן ביי א הויכער, געמויערטער וואנד, —
מיט העק און מיט האמערס, און אייזענס אין האנד —
מיר ברעכען די וואנד!

די וואנט איז געמויערט גאר פעסט און גאר דיק,
פערצוימט אונז די וועגען צום לעבען, צום גליק:
פערשטעלט אונז די ליכטיגע זון און זי מאכט
פון פרייליכען טאג אונז א פינסטערע נאכט —
מיר ברעכען די וואנד!

און פאלט פון דער שטיינערנער וואנד ווען אראפּ
א שטיין, צו א ציעגעל, טרעפט ווענען אין קאפּ, —
די איבריגע בלייבען דאך שטעהן גאר אהן שרעק
און ארבייטען ווייטער, מען לויפט נישט אוועק —
מיר ברעכען די וואנד!

די ארבייט דארף דויערן, די ארבייט איז שווער —
פערזאמעלט זיך ברידער, קומט אלע אהער
זאל יעדערער צולייגען פעסטער זיין האנד,
מיר וועלען די הויכע, די פינסטערע וואנד —
צוברעכען, צוברעכען די וואנד!...

## מיך ציהט

מיך ציהט אהין,
וואו ד'ערד איז גרין, —
דער הימעל בלוי,
ווי פערל דער טהוי,
וואו ס'איז אייביג מאי.

וואו עס לעבען
און עס שוועבען,
אלע פייגעל פראנק און פריי.

מיך ציהט, מיך ציהט,
מיין זעעלע פליהט:
א, נעהם מיך ניט —
דא לאז מיך ניט —
אח, דאס לעבען איז דא ענג...

דא איז זומפיג,
דא איז טומפיג,
און עס ציהט מיך, און איך בענג!...

## די פריהלינגס-זוהן

די פריהלינג־זון קוקט אין מיין פענסטער
אריין, און זי לאכט:
וואס ביזטו א, נארישער מענש,
פערטרויערט, פערטראכט?

איך האב אויך געליטען ווי דו:
עס האבען פערשטעלט
די וואלקען די גראהע פון ווינטער
מיין ליכט פאר דער וועלט.

דאך זענען זיי מעהר ניט ווי וואלקען —
זיי שווינדען ווי רויך,
און איך בין געבליבען א זון,
און לייכט פון דער הויך!

## אפשטמאָל...

אפשטמאָל, ווייל איך האָפען, גלויבען,
אז נימ אלץ איז נאָך צערונען;
שיינען וועט די זון נאָך אויבען
און אויך אונטען וועט דאָ גרינען.

אָפּט מאָל דאַכט מיר, אז מיין ג ו ט ע
וועט נאָך ווען אין טהיר מיר קלאַפּען,
און א רגע א בערוהטע
וועל איך נאָך פון לעבען כאַפּען.

אָפּטמאָל חלומ'ט מיר א חלום,
אז נימ אלץ איז נאָך פערפלויגען:
קומען וועט אויף דר'ערד דער שלום
מיט די מילדע גוטע אויגען.

אָפּט מאָל טרוימט מיר, אז געקומען,
איז משיח שטיל צו רייטען,
און די ערד איז דורך אין בלומען,
און עס זינגט אין אלע זייטען...

## דאָס נייע ליעד

און זאָל ווי ווייט
נאָך זיין די צייט
פון ליעבע און פון שלום.

דאָך קומען וועט,
צי פריה, צי שפּעט
די צייט — עס איז קיין חלום!

איך הער דאָס ליעד,
פון ליעבע, פריעד,
די מעכטיגע געזאנגען

און יעדער טאָן
פון ליעד זאָגט אָן:
די זון איז אויפגעגאנגען.

עס עקט די נאכט,
די וועלט ערוואכט
פול האָפנונג, לוסט און שטרעבען.

דו הערסט — אין לופט
א שטימע רופט:
צו גליק און פרייד און לעבען!...

## עס דונערט, עס בליצט

עס דונערט, עס בליצט,
נאָר דאָרט אין דער הייך,
אַך, דאָ אויף דער ערד,
איז אַלץ אַזוי בלייך.

דאָרט קומט פאַר אַ קאַמפף,
אַ קאַמפף פאַר אַ זיעג:
ביי מיר אויף דער וואַנד
קוים זשוזשיעט אַ פליעג...

עס ציהט מיך צום קאַמפף,
אַ קראַפט בין איך אויך:
נאָר ניט אויף דער ערד,
און ניט אין דער הויך.

אוי, וואו איז מיין אָרט,
דו גאָט מיינער, זאָג!
איין אומעט פערגעהט
אַ טאָג נאָך אַ טאָג...

## דער פּאָעט

ער פֿערהאַסט דער װעלט'ס געטימעל
און איהר מאַרק־גערײדער;
גאָט פֿערמעגט דעם גרױסען הימעל
ער — די קלײנע ליעדער.

װילט זיך גאָט אַמאָל די טענער
פֿון זײַן פֿיעדעל הערען,
ציערט ער אױך דעם הימעל שענער
מיט די בלאַנקע שטערען.

דאַמאַלס שפּיעלט און קלינגט זײַן פֿיעדעל,
יעדער טאָן צוגעהט זיך,
און דער הימעל הערט זײַן ליעדעל,
און דער הימעל פֿרעהט זיך...

## דער יונגער שטערן

ניט פון מענשען וועל איך זינגען —
קיינער וויל שוין דאס ניט הערען.
מענשען זיינען אונז שוין נמאס —
זינגען וועל איך אייך פון שטערען.

פון די שיינע, קליינע שטערען,
וואס זיי זיינען אזוי פיעל,
וואס זיי קוקען אזוי טרוימיש, —
הערט די מעשה מיט געפיהל.

פון די שיינע קליינע שטערען,
וואס זיי זיינען אזוי גרוים,
וואס זיי ווינקען אונז פון הימעל —
הערט פון זיי די מעשה אוים.

---

צווישען די שטערען מיליאנען
וואס פינקלען פון ווייטען, ווי גאלד,
האט זיך א שטערען א קליינעם
לעבען בעזונדער פערוואלט.

ער איז געוועזען צולאזען,
א קונדם א גרויסער — פערשייט
האט ניט געוואלט זיך גלייך דרעהען,
געזוכט גאר איין אנדערע זייט!

די שטערן די אַלטע, די זקנים,
זיי זיינען שוין פּראַקטיש און גרוי,
זיי לעהרנען און ווייזען אַ וועג איהם:
„דו דרעה זיך אַזוי און אַזוי!"

„אַט דאָ איז דיין אָרט און ניט ווייטער
דאָ דרעה זיך — אַט דאָ איז דיין ראָד,
און טאָמער, אַ געמסטו זיך אַנדערש,
דאַן קענסטו נאָך אָנטהון אַ שאָד".

עס הערט אוים דער שטערן דער קליינער
די אַלטע — וואָס זאָל ער דען טהאָן?
אין הארצען דאָך שפּאָט ער און קלערט זיך:
וואָס געהט מיר אַ שאָדען גאָר אָן?!

צעקלאַפּט מעג איך ווערען אויף שטיקלעך
און אַלץ, וואָס ארום מיר דערביי,
און דרעהען זיך וועל איך דאָך אַנדערש,
איך וויים ניט קיין גרעניץ — כ'בין פריי!

*

און אין איינעם אַ פריה מאָרגען,
ווען די זון האָט העל געלויכטען
און די גרויסע אַלטע שטערן
האבען שירה איהר געזונגען,

און פערגאַנגען אין התפּעלות
פון די גרויסע זונען־פלאַמען,
האָט דער קליינער יונגער שטערן
ניט געפּרובט דאָס מויל צו עפענען.

און בעטראכטענדיג די שטערען
ווי זיי דרעה'ן זיך אזוי נאריש,
האט ער שמייכלענדיג געמורמעלט:
„זייט געזונד, איהר אלטע נארען!

זייט געזונד, איהר אלטע נארען,
ס'איז מיר נמאס שוין געווארען
אייער אייביג־לאנגעס דרעהען
אהן א זינען, אהן א תכלית.

איך וועל זוכען אנד'רע וועגען,
אנד'רע וועגען, אנד'רע הימלען — —
זייט געזונד, איהר אלטע נארען,
כ'וועל צו אייך שוין מעהר ניט קומען..."

---

און געשוואומען איז דער שטערן
אין דעם רוים דעם גרויסען לאנג,
נייע וועגען צו געפינען
איז געוועזען זיין פערלאנג.

און געדרעהט זיך האט דער שטערן
און געשוואומען הין און הער,
דאך, קיין נייעס האט ער געפונען —
אומעטום נאר וויסט און לעער...

און געשוואומען איז דער שטערן
איבער'ן גרויסען הימעל לאנג,
צו א ברעג־צו ערגיץ קומען
איז געווען שוין זיין פערלאנג.

און געפלויגען איז דער שטערען
און געדרעהט זיך נעכט און טעג,
ניט געקומען איז דער שטערן
צו קיין ברעג...

און פערבעננט האט זיך דער שטערען
נאך דעם אלטען, אלטען גליק,
נאר ער האט שוין ווייט פערבלאנדזשעט,
ניט געוואוסט דעם וועג צוריק!...

# אין פעלד

לאמיר, מיין ליעבסטע, פערלאזען די וועלט,
איהר נארישען טומעל און רויש, און גערידער:
דער פריהלינג איז דא — אך איצטער אין פעלד,
ווי גוט איז צו שפיעלען אין קושען, אין ליעדער!

דאס איז דאס העכסטע, דאס פרעהליכסטע שפיעל,
איך קען אין איהם קונצען די שענסטע בעווייזען.
אין שטאדט — אזוי ענג און די מענשען — צופיעל,
און ס'פאלען אריין אין דעם שפיעל א סך גרייזען.

דא הערסטו א זיפץ, און דארט זעהסטו א טרער,
און דא גאר א רשעות פון מענשען געמיינע:
אין שטאדט איז צו קושען און האלזען זיך שווער —
אין פעלד קום, מיין ליעבע, מיין גוטע, מיין שענע!

דער פויגעל איז זאט און איז פרעהליך און פריי,
און זינגט זיינע ליעדער פון מיר גאר נישט ערגער:
אט דארט איז סיי קושען, סיי זינגען כדאי
פאר פויגעל און בוימער, און טאלען און בערגער.



אין מיינ׳ אדערן
האט דאס בלוט אמאל
שטורעמדיג געפליעסט,
ווי די וואלל אין ים:

און געטריעבען מיך
צו דעם לעבענס־קאמפף,
צו דעם גרויסען פעלד,
וואו עס בליצט דער שווערד.

און איך האב געקעמפפט,
און געשלאגען זיך,
און געלאזט מיין בלוט
אויף דעם ברייטען פעלד.

כ׳האב זיך אומגעקעהרט,
פון דעם פעלד צוריק,
א דערשלאגענער,
א פערמאטערטער...

## אין דער ווייט

עס ווילט זיך מיר לאָזען
די שטאָדט און דעם מארק
און אָטהעמען פרייער,
און אָטהעמען שטארק!
און לאָזען די הייזער
מיט טויערן ארום
און געהן, וואו ס'איז אָפען
און פריי אומעטום!

און געהן, וואו ס'איז אָפען
און ליכטיג און ריין,
און לאָזען די הייזער
פון ציגעל און שטיין!
און לאָזען די טויערן,
וואָס זיינען מיר ענג,
און געהן אין דער ווייט
אין דער ברייט, אין דער לענג!

און לאָזען די שטאָדט
מיט איהר שפּראך און איהר גאנג
און הערען אין וועלדער
דאָס פייגעל־געזאנג.
און הערען ווי ס'מורמעלט
מעלאָדיש דער קוואַל,
ווי ס'רופט אזוי היימליך
אין לופט יעדער שאָל.

און לאָזען די חכמה
און וויסען אין שטאָדט.
אַך, זאָל זי זיך האַלטען
מיט דעם, וואָס זי האָט!
דער אָדלער אין וואָלקען —
ער איז אזוי קלוג,
איך וועל איהם אין וועג דאָרט
בעגעגנ'נען גענוג!

ער וועט מיר אויסלערנען,
ווי לעבען מען דאַרף,
דער אָדלער איז קלוג
און זיין תורה איז שאַרף!
זיין תורה איז — פליהען.
וואָס העכער אַהן שיעור:
שוין לאַנג ברענט זיין תורה
אין הארצען ביי מיר.

## בעל-הב׳תישער מוסר

די שענסטע געפיהלען אין הארצען בעהאלט,
דיין פלאמענדע ברוסט קיהל זי אב, מאך זי קאלט,
און אלע פערלאנגען פערגראב און פערשטיק,
און ריים אב מיט געוואלד פון די הימלען דיין בליק.
צורוה לאז די מענשען אהן גייסט, אהן פערשטאנד,
און קריעג זיך מיט קיינעם, גיעב יעדען דיין האנד:
און זוך ניט אין לעבען קיין ציעל און קיין ברעג,
נאר שלעפ זיך אהן קשיות דעם זומפיגען וועג, —
דאן וועט מען דיך לויבען: ביסט קלוג און ביסט פיין
און — — — ברויט וועסט דו האבען און הונגריג ניט זיין...

## שטערן

ליכטיג אויפ'ן הימעל
גלאנצען אלע שטערן —
א, זיי זיינען וועלטען,
וויל מען אונז ערקלערען.
אבער קען איך גלויבען,
אז די שטערען זיינען
וועלטען? איז דען מעגליך
וועלטען זאלען שיינען?

ניין! זיי וואלטען אויסזעהן
פינסטער, שווארץ און טריבע
און דער בלאהער הימעל
וואלט געקוקט אהן ליעבע.

און עס וואלט פון דארטען
זיך געהערט א טימעל;
ניט קיין רעגען — גיעסען
וואלט עס בלוט פון הימעל.

* *
*

מיין הארץ האָט מיט עהרליכען שטרעבען געשלאָגען, —
איך האָב ניט געהאַט דאָס אויף וואָס צו בעניצען;
בעגייסטערטע ווערטער, אַז איך פלעג ווען זאָגען,
פאַרסמ׳ט פלעגען ווערען פון נאַרישע וויצען.

דאָס געטליכע פייער די וועלט צו בעלעהרען
האָט אימער געלויכטען, געברענט אין מיין הארצען,
נאָר כ׳האָב ניט געהאַט מיט איהם וואו זיך צו קעהרען,
ביז ס׳האָט זיך פערוואַנדעלט אין רויך, אין א שווארצען.

יעצט בין איך געבליבען אליין און פערלאָזען,
און נאַכט איז פון אונטען, און נאַכט איז פון אויבען;
און ווינדען, ווי לציִם, זיי לאַכען און בלאָזען;
זאָג וואו איז דיין פייער, דיין שטרעבען, דיין גלויבען ! ?...

## פאר געלד

זיין הארץ האָט געביינגט נאָך אַ ביסעלע ליעבע,
עס איז איהם געווען אַזוי קאַלט;
עס האָבען די טעג זיך, ווי וואָלקען געצויגען
און האָבען געהאט איין געשטאַלט.

די זון האָט געשאָטען מיט ליכטיגע שטראַהלען,
נאָר איהם האָט געווייכט יעדער שטראַהל,
עס האָבען מיט פרישקייט געשלאָגען די קוואַלען, —
פער׳סמ׳ט איז געוועזען זיין קוואַל.

עס האָבען די בוימער געבליהט און די בלומען,
און ער האָט געשלעפט זיך אויף זאַנד, —
זאָל איינער כאָטש קומען מיט ליעבע ענטקעגען,
זאָל איינער כאָטש געבען די האַנד!

נישט איינער! פערביי איהם איז יעדער געגאַנגען,
געשענקט האָט איהם קיינער אַ בליק;
געוועזען איז יעדערער צופיעל פערטראַגען
מיט אייגענעם, נאַרישען גליק..

און ער האָט מיט בליקען געבעטעלט די ליעבע —
עס האָט איהם די קאַלטקייט געקריינקט;
אומזיסט אבער! וואָלט ער אַ גראָשען געבעטען,
וואָלט עמיצער אפשר געשענקט.

יאָ וואָלט ער א קופּערנעם גראשען געבעטען,
דערויף איז א טאַש ביי זיי דאָ,
דאָך ליעבע פון הארצען — וואו זאָלען זיי נעהמען?
דאס איז שוין ביי זיי לאנג ניטאָ!...

## א ווינטער-ליעד

הוליעט, הוליעט בייזע ווינטען,
פריי בעהערשט די וועלט!
ברעכט די צווייגען, וואַרפט די בוימער
טהוט וואָס אייך געפעלט!

טרייבט די פויגעל פון די וועלדער
און פעריאָגט זיי פאָרט;
די וואס קענען וויים נישט פליהען, —
טוידט זיי אויפ'ן אָרט!

רייסט די לאָדען פון די הייזלעך,
שויבען ברעכט אַרויס!
ברענגט א ליכטעל ערגעץ דונקעל, —
לעשט מיט צאָרען אויס!

הוליעט, הוליעט בייזע ווינדען,
איצט איז אייער צייט!
לאַנג וועט דויערען דער ווינטער,
זומער איז נאָך וויים!...

## מיין שיפעלע

ווי עס ברויזען, ווי עס קאכען
אויפ'ן ים די ווילדע וועלען ; —
אה, וואו זאל איך מיט מיין שיפעל,
מיט מיין שיפעלע זיך שטעלען ?

ווי די שטורם־ווינדען היילען,
ווי זיי דראהען, ווי זיי בלאזען ! —
אה, ווי זאל איך מיט מיין שיפעל,
מיט מיין שיפעלע זיך לאזען ?

ווי די גרויסע שיפען לויפען,
ווי זיי פייפען, ווי זיי ברומען !
אח, ווי זאל איך מיט מיין שיפעל,
מיט מיין שיפעלע דא שווימען ?

און איך שטעה ביי'ן ברעג געבראכען,
פול מיט וועהטאג און פערלאנגען,
און איך זעה די גרויסע שיפען,
און דעם ברייטען ים, דעם לאנגען.

און איך זעה די גרויסע שיפען,
ווי זיי יאגען, ווי זיי טרייבען,
און ביי'ן זאמדיג ברעג און שטילען
מוז איך מיט מיין שיפעל בלייבען...

## מאום איז די ערד...

מאום איז די ערד, מיין פריינד
און פערדעקט מיט ראָסט;
וואַקסט א מאָל א בלומעל אוים —
טוידט עס אָב דער פראָסט.

טרויריג איז די ערד, מיין פריינד,
ווי אין הערבסט דער וואלד:
פליהט א מאָל א פויגעל דורך
שיעסט דער יעגער באלד...

## ווילט זיך נאָך...

ווילט זיך נאָך א שטיף טהון
גרינג און פריי און ברייט,
אַז דאס הארץ דאס מיעדע
ווערען זאָל דערפרעהט.

ווילט זיך נאָך א פאַל טהון
צו דעם לעבענס ברוסט
און זיין גליק אויסזויגען
מיט דער לעצטער לוסט...

ווילט זיך נאָך א הויב טהון
ווייט און הויך די הענד
און אריבער שפּרינגען
צוימען, מויערן, ווענד...

ווילט זיך נאָך דערגרייכען
פון א בארג זיין שפּיץ
און דערנאָך — פערשווינדען,
ווי עס שווינדט א בליץ...

## די פידעל

ס'איז געווען אמאל א פיעדעל,
ס'האט געברומט אמאל א ליעדעל:
ס'האט געברומט מיט וועה און פיין,
דאך דאס הארץ דערקוויקט פלעגט זיין

אנגעקומען נייע צייטען,
ליעדער פאסט זיך ניט פאר לייטען,
ס'הערשט א שטורעמדיגע נאכט,
און עס געהט א ווילדע שלאכט.

און עס רופען די סיגנאלען,
קוילען פליהען, מענשען פאלען...
איצטער שפיעלען איז א שאנד,
און די פיעדעל פאלט פון האנד...

## אויף אַ זעהונג

(אין טורמע)

„פריהלינג, זאָגט איהר, פריהלינג... הא?
טאקי? זיכער? אי, ווי שיין!
בלומען בליהען? פויגעל? הא...
און דער טייך' ער קען שוין געהן?...

און די זון? אַזוי... אַזוי...
און זי ווארעמט... און זי גלעט...
און דער גאָרטען? אָפען שוין?
מען שפּאַצירט אין אָבענד שפּעט...

פרייליך, ליכטיג... פריי — א יאַ?
פריהלינג! פריהלינג! אי ווי גוט!
נו, דערצעהלט — געריסט, געריסט...
באלד איז אוים די פינף מינוט"

## שטורם

**איך האב ליעב די שווארצע חמארע**
מיט איהר מראה,
מיט די שרעקען —
**עס וועט דונערן און וועקען!**

**איך האב ליעב דעם בייזען הימעל**
מיט זיין ליארמען
אהן ערבארמען,
מיט זיין דראהען, מיט זיין טימעל!
מעגען בליצען ווי די שלאנגען
אלץ פערצוקען, אלץ דערלאנגען:
האב און גוטס און הויז און שייער,
מיט א קראכענד־העליש־פייער:
זאל דער שטורם אויך מיין שטיבעל
חרוב מאכען — קיין פאראיבעל!
דורך די פלאמען קוקט ארויס
ס׳ נייע, פרייע, העלע הויז!...

## בלאנזשען

טויזענד וועגען, טויזענד שטעגען,
נאר די זאלסט ביי קיינעם פרעגען;
געה אהין און געה צוריק —
נאר אין בלאנדזשען ליעגט דאם גליק!

בלאנזשען זאלסטו טעג און יאהרען,
דא א בלום און דארט א דארן...
געה אליין און קיינעם פרעג — —
זעה ווי ס'ווינקט דער נייער וועג!...

## די אָרימע געווינערין

ס'האָט א קינד געבוירען ערשט
ד'יונגע, אָר'מע מאמע, —
האָט ניט ווער זאָל וויעגען עס,
האָט קיין דיענסט, קיין אמע.

שרייט דאָס קליינע עופה'לע,
לעבערט אזש דעם מוח,
וויעגט ער קוים די אָרימע
מיט דעם לעצטען כח.

ס'קינד דאַרף האָבען וויקעליך, —
ס'איז ניט איהר פערמעגען,
רייסט זי העמדער אייגענע,
פאר איהר ליעב־קינד'ס וועגען.

מ'דאַרף דאָס קינד היינט אויסבאָדען, —
קען זי זיך ניט קעהרען,
באָדט זי עס אין אייגענע,
מוטערליכע טרעהרען.

## אין קיך

אויסגעטריקענט ווערט מיין האַרץ
אין דער קיך בײ׳ם פײער,
און פּאַר בײנקשאַפט מעהר נאָך דעם,
וואָס ער איז מיר טײער...

פײער ברענט אַ גאַנצען טאָג
אויף דער שוואַרצער פּליטע,
קאָך זײ אײן געריכט און צװײ,
קאָך בײ נאַכט אַ דריטע.

אוי, אַ זײגער עלף בײ נאַכט
פּלעגט מײן ליעבער קומען,
כ׳האָב איהם שטענדיג אַזוי טרײ,
האַרצליך אויפגענומען.

כ׳האָב מײן עלענד ניט געפיהלט,
און מײן צער פערגעסען,
ווען איך בין אַ שעה מיט איהם,
אָדער צװײ געזעסען.

וואָס איך האָב גערעדט מיט איהם?
קען איך דען געדענקען?
ס׳פּאַלט אַנ׳אומעט אויף מײן האַרץ,
און אַנ׳אַנגסט און בענקען.

ס׳האָט מיין טייערע מאַדאַם
איהם פון מיר פערטריעבען.
איינע אויף דער גאַנצער וועלט
בין איך איצט געבליבען.

אוי, ווי פרום איז מיין מאַדאַם!...
וויל פון ביין פערהיטען,
און דערנאָך א גאַנצע וואָך
פלעגט זי מוסר שיטען...

מוסר האָט זי פיעל און פיעל,
נאָר קיין וואָרט קיין ליעבען;
ער האָט יאָ זיי פיעל געהאַט,
האָט זי איהם פערטריעבען!...

## הערבסט

און ווי עס קומט דער אָסיען,
דאָ ווער איך אַן מיין שטאָלץ;
עס פרעגט דער ווינד מיך צאָרניג:
צי האָסטו, קבצן, האָלץ?

דער רעגען פּאטשט אין פענסטער,
און רוישט, און בייזערט זיך:
איך מאך אין גאס א בלאָטע,
צי האָסטו גאנצע שיך?

## פאַלט אַריין אַן אָרימאַן...

פאַלט אריין אנ׳ אָרימאַן
אין דער רייכער שטאָדט,
דאכט זיך איהם, אז יעדעס הויז
קוקט אויף איהם מיט שפּאָט.

דאכט זיך איהם, אז יעדער סלופּ,
יעדער שטיין אין ברוק
שרייט איהם: דרך־ארץ, לומפּ,
ווארפט א קרומען קוק.

דאכט זיך איהם, אז וואָס ער זעהט
קוקט אויף איהם מיט האַס, —
וואָלט ער ווייגען אויפ׳ן קול,
שעמט ער זיך אין גאַס...

פאלט אריין אנ׳ אָרימאַן
אין דער רייכער שטאָדט,
פיהלט זיין צער קיין איינער ניט
סיידען אויבען, גאָט..

## דער חתן

באַמבעלט זיך דאָס קייטעלע
פרעהליך אויף מיין ברוסט,
וועקט עס דאָרט און ריהרט עס דאָרט
האפנונג, לעבען, לוסט...

צי עס איז א זילבערנע,
צי עס איז פון גאָלד, —
ס'האָט געשענקט די כלה מיר
און איך האָב זי האָלד!...

און אין טאַש דאָס זייגעריל
געהט עס פאַלש, צי טריי, —
וועלכע שעה מיין כלה זעהן,
וויים איך סיי ווי סיי.

וועלכע שעה די כלה זעהן,
באָדען זיך אין גליק, —
ווייזט מיר אָן מיין אייגען הארץ,
קלאפענדיג — טיק־טיק...

## די מוטער צום קינד

שלאָף נאָך, שלאָף ליעבעם קינד —
דרויסען איז א פראָסט, א ווינד!
גאָט זאָל זיך דערבארעמען,
גאָט זאָל אונז דערוואָרעמען.

אַ, דער ווינטער שרעקט מיך, שרעקט —
ליעג, מיין קינד, נאָך איינגעדעקט —
שלאָף נאָך, אָרים פייגעלע,
עפען נים דיין אייגעלע.

וועסט דערזעהן א קאַלטע וועלט —
דורך און ווייסען אָבגעמעלט.
האָלץ אין שטיב קיין שייטעלע
און קיין געלד אין בייטעלע.

ניט געקאָכט און ניט געהייצט,
קעלט און הונגער דריקט און רייצט:
שלאָף מיין קינד, פערפראָהרענע,
אָרימע, פערלאָהרענע!...

## פון דער דירה טרייבט מען...

פון דער דירה טרייבט מען, —
דרויסען איז א רעגען;
גוואלד וואו טהוט מען הין זיך?
הייב איך אָן צו פרעגען.

וועמען פרעג איך? וויים ווער?
איך קען גאָר נישט וויסען,
נאָר דעם קאַלטען רעגען
הער איך דרויסען גיעסען.

און עס וועט ניט העלפען
קיין געבעט, קיין טרעהרען, —
ס'וועט דער קאַלטער רעגען
גיעסען ניט אויפהערען.

יאָ, דער רעגען וויים ניט
פון מיין שווערער לאגע,
ס'איז זיין צייט געקומען
רינט ער — אָט דער „פּליאגע"...

ס'איז אפילו גאָט דאָ
ניט אין גאנצען שולדיג...
נו, פערפאַלען, האַלט זיך
און פערטראָג געדולדיג.

אבער פון דער דירה
זאָל א מענש מיך טרייבען,
אוי, דאָ קען איך, ברידער,
רוהיג שוין ניט בלייבען.

אך, דאָ ברענט מיין צאָרען
און איך קריץ די צייהנער:
זענט איהר, בעלי־בתים,
מענשען אָדער שטיינער? !..

## אבשייד

און אז דו וועסט, מיין טייער־לעבען, אוועק פאהרען
וועל איך געהן צום באהן דיך בעלייטען;
און אז דו זאלסט מיר באלד ניט פערגעסען —
וועל איך שענקען דיר א קרענצעלע קווייטען.

און אז עס וועלען אנהויבען די קווייטען צו וועלקען,
ווי דו וועסט ערגיץ קומען צו פאהרען,
זאלסט דו דארט וויסען, אזוי בין איך אויך
אהן דיר דא פערוויאנעט געווארען...

## דאָס טייעלע

אין אמעריקע דער מאַן, —
ס'איז איהר אזוי באנג.
ניט געשריעבען האָט ער איהר
שוין א האלב יאָהר לאנג.

פאר אוועקפאָהר צוגעזאָגט
האָט ער אל דאָס גליק:
נעמען וועט ער זי אהין,
אָדער קומען צריק...

און דאָס יונגע ווייבעלע
שלאָפט זי, צי זי וואכט:
„האָט ער דאָרט אנ'אַנדערע"?
נאָר פאר איינס זי טראכט!

ס'נעמט קיין לוסט צום עסען אַן,
ס'איז איהר ווינד און וועה...
פּרובען וועט זי אָנגיעסען
גאָר א גלעזעל טהיי.

ליעגט אין גלאָז א טייעלע,
ליעגען ליעגט עס טיעף...
אַח, וואָלט עס ארויפשווימען
וואָלט געווען א בריעף!

ס'איז א גוטעס טייעלע,
פיהלט דעם ווייבעלס פיין,
שווימט ארויף א טרייסטענדע:
ס'וועט א בריוועל זיין! —

און דאָס אָרים־ווייבעלע
מיט א פרייד זי וואַרט —
נאָר עס האָט דאָס טייעלע,
פּונקט, ווי ער גענאַרט...

# הבדלה

שבת האָט מען גוט פערבראַכט
מיט פיעל פערגניגען,
און דער איד הבדלה מאַכט
מיט א שטילען־ניגון.

עפּעס הערט זיך אין דעם ליעד
בענגשאַפט, אנגסט און טרויער:
עפּעס ווערד גאָר באַלד דער איד
פינסטערער און גראָהער.

וואס־זשע איז מיט דיר דער מעהר
ליעדעלע, ערקלער מיר,
רופסט ארויס פון אויג א טרער,
אויפ'ן האַרץ ווערט שווער מיר.

— איך „הבדלה", זאָג באַלד אָן:
ס'קומט דער גוטער מאָרגען,
גרייט זיך, אָר'מער, גרייט זיך אָן,
יאָגען, שווינדלען, באָרגען.

טרייב ארויס דעם „פרינץ" פון זיך —
דאַרפסט זיך שוין פערוואַנדלען
אין א „הונד" — אך, לויף זשע גיך
האַנדלען, האַנדלען, האַנדלען!

נאר דער פרינץ, ער יאמערט שטיל:
כ'וויל אין רוה נאך ליגען!
און דעריבער קלינגען פיעל
קרעכצען אין מיין ניגון...

## די יונגע קרעמערין

כ׳געה פאַרביי די קראָמען,
קראָמען אַזוי פיעל,
„לעבעדיג בעגראָבען!“
קלאָגט דאָס האַרץ מיר שטיל.

זיצען אַלטע ווייבער —
קאַלט איז זייער בלוט,
און די אַלטע מיינען,
אַז אַזוי איז גוט.

אין אַ קרעמיל זעה איך
זיצט אַ יונגעס קינד, —
טיידטען אַזאַ לעבען —
דאָס איז שוין אַ זינד.

זעהט דאָס פּנים איהרע
אָבגעלעבט און בלאָס,
נאָר די אויגען פינקלען,
רייסען זיך צום גאַס.

דאָרט אין גאַס איז ליכטיג,
מענשען געהען פריי,
און דאָס יונגע מיידעל
וועלקט דאָ אָב איהר מאַי.

אבגעהאקט פון לעבען,
אבגעהאקט פון אלץ:
ווענג־אב א פונט הערינג,
מעסט אב א פונט זאלץ.

פון א זעקסער רעשטע
גיעב ארוים געשווינד! — —
אוי, עס ווייגט דאס הארץ מיר
אויף דיר ארים־קינד...

ווי מיר וואלט זיך וועלען
צו דיין טאטען געהן:
בעטען, דיך בעפרייען —
וועט ער ניט פערשטעהן.

אוי, דיין קלוגער טאטע
פרעהט זיך און ער קוועלט:
איז מיין קינד א בריה —
איינס גאר אין דער וועלט.

*

איך וויים פון א ניגון,
ער קלינגט אזוי שיין;
די טענער זיי פליעסען,
ווי שטראָם־וואסער ריין.

די טענער זיי פליעסען,
און וואשען אראָפּ,
די ליידען פון הארצען,
די זאָרגען פון קאָפּ.

און גרינג ווערט דער זעעלע,
זי פיהלט נישט קיין לאסט, —
דער ניגון הייסט ליעבע,
גאָט האָט איהם פערפאסט.

איהם זינגען מלאכים
אין הימעלם געצעלט,
איהם זינגען פּאָעטען,
ביי אונז אויף דער וועלט.

אַ, מענשען! וואָס זייט איהר
פערזאָרגט און פערקלעהרט, —
צו האָט איהר דעם ניגון
נאָך קיינמאָל געהערט?...

.1895



ווען דאָס פייער פֿלאַקערט
איז צו קוקען שיין:
ווען דו ביזט אין כעס
קריגסטו נאָך מעהר חן.

ווען דאָס פייער פֿלאַקערט
איז זיך גוט צו וואַרמען;
ווען דו ביזט אין כעס
וויל איך דיך אומאַרמען.

.1892



דו האָסט מיר דיין בילד ניט געגעבען
— פאַר לייטען האָט דיר ניט געפּאַסט;
דאָך האָב איך, מיין נחת, מיין לעבען,
דיין בילד אין מיין האַרץ איינגעפּאַסט.

ניט שרעק זיך, כ׳וועל קיינעם ניט זאָגען,
און קיינער וועט וויסען דער פון:
דיין בילד נאָר אין האַרץ וועל איך טראָגען
פאַר שטערען, לבנה און זון...

## אנהייב פריהלינג

א ליכטיגער טאָג —
איך האָב איהם דערקאַנט:
איך האָב מיך אין טרוים,
אין אַלטען דערמאַנט.

און עפּים אין קאָפּ
ווערד ליכטיג און ריין,
און עפּים אין הארץ
ווערד ווארים און שיין.

עס פרעגט מיך איין שטראהל:
גערענקסטו, גערענקסט?
א צווייטער שטראהל פרעגט:
צו בייגגסטו, דו בייגנסט?

א דריטער שטראהל פרעגט:
צו פיהלסטו נאָך איהר גלעט?
און נאָך איינער פרעגט:
צי איז שוין ניט שפעט?...

א, שטראהלען, לאָזט אָב —
געוועזן איז עס לאַנג!
א, שטראהלען, ניט פרעגט —
עס טהוט אזוי באנג!...

*  *
*

ליעבע זון! אין ווינטער קום!
זומער מיט די פיעלע שטראהלען
ביזטו מיר צו לאסט געפאלען,
און איך בלאָנזשע מיד ארום.

זון, א שטראהל אין ווינטער שיק!
ווינטער איז דיין שטראהל מיר נויטיג —
ערד און הימעל — קאלט און קויטיג,
און א י י ן שטראהל איז שוין א גליק!

*

קינד! איך רוף דיך אין מיין צער:
ווען איך לעב אין פערגעניגען
האָב איך ניט קיין לוסט דיך קריעגען,
גיט איך וויל או זניט איך גאָר.

ליעבעס קינד! אין עלענד קום,
ווען אין הארצען דריקט דער יאָמער
און אין מח קלאפט דער „טאָמער" —
נעם איך פעסט דיך, פעסט ארום!...

## זעה, דער הימעל...

זעה, דער הימעל אויסגעשטערענט,
און פערצעהלט פון פרייד און גליק:
כ'האב זיין שפּראכע אויסגעלערענט,
צייט איך האב דערקענט דיין בליק.

צייט דיין בליק איז מיר פערלאשען,
און פערשוואונדען, ווי א רויך,
רעד איך נאר אויף שטערען־לשון,
און איך רוף דיך פון דער הויך! —

* *
*

צו דיר קום איך, עלענדעס בוימעל,
געפינען א ביסעלע רוה:
אָ, זיי מיר א ווײלע א חבר,
איך בין אזוי עלענד ווי דו.

ווי דו טראָג איך שטיל אין מיין הארצען
מיין טרויער, מיין לייד און מיין וועה —
און האָב איך געהאט ווען חברים,
האָב איך שוין פערגעסען אָן זיי.

און האָב איך געהאט א געליעבטע,
האָט זי שוין פערגעסען אָן מיר:
אָ, עלענדעס, איינזאמעס בוימעל,
א חבר געפין איך אין דיר!...

* *
*

מיין געליעבטע איז א קלוגע
און זי זאָגט: עס איז אונגלויביג,
אז דו זאָלסט, געליעבטער מיינער,
ליעבען שטענדיג, ליעבען אייביג.

מיין געליעבטע איז א קלוגע,
קליגער קען פון איהר נישט געבען:
זי פערזאָרגט זיך יעצט מיט קושען
אויף דעם גאנצען קאלטען לעבען...

## אין די פינסטערע אלעען

אין די פינסטערע אלעען
איז אינטערעסאנט:
דארטען ווערען יונגע קינדער
אין דער שטיל בעקאנט.

אין די פינסטערע אלעען
איז א פרייע וועלט,
די געדיכטע צווייגען האבען
חרפה, שאנד פערשטעלט.

פון דער צנועה, דער לבנה,
איז דאס ליכט דא שוואך,
און די יונגע צווייגען רוישען:
קוק נישט, נישט דיין זאך...

אין די פינסטערע אלעען
קאכט דאס יונגע בלוט,
און דאס יונגעל מיט'ן מיידעל
קריגען אנדער מוט:

וואס ס'געלוסטען יונגע הערצער
ווערד דא פריי גערעדט,
און מען האלזט זיך און מען קושט זיך
ביז עס ווערט גאר שפעט...

אין די פינסטערע אלעען
ווערען פריי די שטריק,
און ס'געניסען יונגע הערצער
פריי דאָס העכסטע גליק!...

## מיין געליעבטע

האט מיר מיין ליעבסטע א בריוועל געשריעבען,
שרייבט זי מיר דארטען: זי קען מיך ניט ליעבען.
ערשטענס: מיר זענען צוויי אנדערע וועלטען;
וואס איך וויל בענשען, דאס וויל זי גאר שעלטען;
און צווייטענס — עס טהוט איהר די זאך אזוי באנג:
זי האט שוין א חתן, זי ליעבט איהם פון לאנג...

זי האט שוין א חתן... נו זאל זיין מיט מזל!
איך ווייס דאך פון לאנג שוין, איך בין א שלים־מזל;
מיט מיר נאר דארף טרעפען די אונגליקען אלע:
געפין איך א מיידעל איז זי שוין א כלה...
מיך קרענקט נאר: איהר חתן ווער איז ער, ווער ווייס—
צי איז ער איהר טריי חאטש, צי ליעבט ער זי הייס?

## צו מיין ליעבסטער

ליעבסטע! אויב דו האסט מיך ליעב
נאר פאר מיינע קליינע ליעדער,
בין איך אויב׳עט ניט דערוויעדער —
כבוד ליעב איך ביז׳ן גרוב.

בעסער אבער וואלט איך וועלען
קוקען זאלסטו מעהרער ניכטער:
כ׳זאל דיר, קינד מיינס, אויסער דיכטער,
אויך אלס גוטער יונג געפעלען.

זינגען זינג איך יא ניט שלעכט,
אבער בעסער פאר מיין זינגען —
מיינע קוסען הילכען, קלינגען
אין די פריהלינג־שעהנע נעכט...

## אין פריהלינג

וואס ביזטו פערטרויערט, פערטראכט?
דער פריהלינג — ער איז שוין געקומען
און האט אונז מתנות געבראכט:
אי שטראהלען, אי בליהונג, אי בלומען.

און מיידלעך שפּאצירען ארום
און ברענגען פון ליעבע געריסען;
א, זיי נאר, מיין חבר, ניט דום:
מען קען פון דער וועלט וואס געניסען!...

## די נאיווע

ווי קלוג איז מיין ליעבסטער,
פיעל זאכען ער ווייס,
דערצו איז זיין קוש
אזוי ברענענדיג הייס:
איך וואלט ניט געוואלט,
נאר ער האט מיר דערקלערט:
א מלאך אין הימעל
פון יעדען קוש ווערט...

מיר זענען אין גארטען
געזעסען גאר לאנג,
פערדעקט צווישען צווייגען
ביי נאכט — אויף א באנק.
ס'איז שפעט שוין געווארען,
ארום אזוי שטיל — — —
אוי, מוז היינט אין הימעל
מלאכים זיין פיעל!...

*
*   *

ליעבעס קינד, איך האָב דיך ליעב,
דאָך איך קען ביי דיר ניט בלייבען:
כ'רוה ביי דיר א רגע אב,
פרישע קרעפטען אנצוקלויבען.

ווי דער וואנדרער אין דעם מדבר
בלייבט אמאָל ביי'ן וואסער שטעהן,
טרינקט זיך אָן און ווערט דערמונטערט.
און ער לאָזט זיך וויטער געהן.

יאָ, מיין קינד. איך בין א וואנדרער
אין דעם לעבענס וויסטעניי;
כ'האָב געקושט דיך, בין דערמונטערט
און — איך וואנדער אויף דאָס ניי!

*
* *

וואו איז אלץ אהינגעקומען,
וואס געוועז איז ליעב און טייער?
וועלכעס וואסער האט פארפלויצט עס,
אנגעצינדען — וועלכעס פייער?

טרערען האבען אלץ פערטרונקען,
טרערען אויף די שווערע וואונדען;
און דאס רעשט, וואס איז געבליעבען,
האט די ליעבע שטיל געצונדען.



האַסט מיין בלוט, ווי ווײַן געטרונקען
און עס איז דיר גוט געגאַנגען:
וואָס א טאָג ווערסט דו אַלץ שענער,
איך — אַלץ מעהרער אויסגעגאַנגען.

האַסט מיין בלוט, ווי ווײַן געטרונקען,
דאָך פערשטעה איך ניט דעם עיקר:
קענסט נאָך טרינקען, ביז אַלץ ניכטער,
און איך בין פאַר ליעבע שכור...

## צו א סאָציאַליסטין

דיינע אויגען לייכטען, פינקלען,
ווען דו רעדסט פון נייע צייטען;
אַלע מענשען זאַט און גליקליך
ווען די אָרדנונג וועט זיך בייטען.

און איך גלויב אין דיין נביאות,
דאָך אין אויג מיינס שטעהען טרערען:
ביי דער בעסטער אָרדנונג, ליעבסטע,
וועסטו אַלץ נישט מיר געהערען.

## די איינציגע

געליעבטע — זיי האָב איך א סך
און אויסער זיי האָב איך א כּלה,
דאָך קינד מיינס, פערלאָז מיך ניט דו,
א, דיך האָב איך ליעבער פאר אַלע...

דער הימעל האָט שטערען א סך
און האָט א לבנה אין מיטען,
דאָך ווייזט זיך אמאָל ניט די זין,
ווי טרויריג ער קוקט — גאָט זאָל היטען!...

## פערלען

שעהנסטע פערלען פון מיין הארצען
רייסט דער שטורעם אוים ביי מיר,
און ער שיט ארוים זיי אלע —
און עס פינקעלט דאס פאפיער.

„ליעבסטע—פרעג איך—ווילסט זיי? כ'שענק דיר!"
נאר זי זאגט פערשעמט ארוים:
„ווייסטו ליעבער, אז די פערל
זיינען לאנג פון מאדע אוים..."

## פערגעס...

און האָס, וואָס איך וויל, וועל איך קיינמאָל נישט האָבען —
דאָס האָב איך, אַ לאַנג שוין, אַ לאַנג שוין בעגראָבען.
עס צאַפּעלט אמאָל קוים דער אַלטער זכרון
און רוימט אין דער שטיל איין: דו האָסט וואָס פערלאָרען!
ער ווייזט ניט קיין קברים, ער רופט נישט קיין נעמען:
פערגעסען זיך וואו, און פערגעסען זיך ועמען...

## אומעט

איך ליעג אויף מיין בעטעל אין חשך געהילט,  
עס שלאָגט קוים דאָס הארץ, און דאָס בלוט איז געקיהלט—  
איך בין שוין געשטאָרבען, מסתמא:  
וואָס לאָזט מען מיר ליעגען און וואַרטען זוי לאַנג?  
ווי שווער איז דער אומעט, ווי ביטער און באַנג  
צו ליעגען אָהן הארץ, אָהן נשמה.

## וואַלקען

וואָס־זשע שלעפּט איהר זיך איהר וואַלקען
אויפ'ן הימעל גאַר בעזינדער,
ווי פערלאָזענע יתומים,
ווי פערטריב'ענע אָרמע קינדער?

און וואָס איז דאָס פאַר אַ תכלית
אַזאַ לעבען, אַזאַ וואַנדערן?
אָבגעריסען, אָבגעשליסען
און ווייט איינער פון דעם אַנדערן?

און אַז ס'דריקט אייך צו דאָס וואָגלען,
אונערטרעגליך ווערט דער קומער,
גיעסט איהר דאַמאָלס גרויסע טרערען
פאַר דער קאַלטער ערד, דער שטומער?...

וואָס'זשע שלעפּט איהר זיך, איהר וואַלקען,
וואָס'זשע וועקט איהר מיינע וואונדען —
וואָס דערמאָנט איהר מיר מיין לעבען?... — — —
ווערד פערשוואונדען, ווערד פערשוואונדען!...

## א פראגע

רײמען, וואָס איך האָב געקליעבען,
ליעדער, וואָס איך האָב געשריעבען,
פערזען, וואָס איך האָב געזונגען,
טענער, וואָס איהר האָט געקלונגען, —
זאָגט מיר, וואָס וועט פון אייך זיין,
ווען איך וועל אין גרוב אריין?

וועט זיך איינער ווען געפינען
מיט א הארץ און מיט א זינען
און אייך, ליעבע מיינע גראַמען,
וועט מיט צאַרטער האנד צוזאמען
קלויבען, פלעכטען אייך אין קראנץ,
בלייבען זאָלט איהר אייביג גאנץ?

אָדער איהר וועט גהן פערלאָרען,
ווי גאָר קיינמאָל ניט געבאָרען,
ווי פון יוגענד די חלומות,
ווי אין שוהל די אלטע שמות,
ווי א וואָלקען אין דער הויך,
ווי א ווינד און ווי א רויך?...

* *
*

איך האָב נאָך אין לעבען
פיעל ארבייט, פיעל פליכטען.
דאָ דאַרף איך בעפוצען,
דאָרט דאַרף איך פערריכטען.

דאָ דאַרף איך צעברעכען
און דאָרט עפּעס בויען, —
איך קען ניט א צווייטען
די ארבייט אָנטרויען.

און יאָהרען זיי לויפען
ווי רוישענדעס וואסער,
די כחות — זיי שווינדען,
דאָס פּנים ווערט בלאסער.

און יאָהרען זיי פליהען,
ווי ס'וואָלט זיי ווער טרייבען:
די ארבייט, די פליכטען —
זיי בלייבען, זיי בלייבען...

## אין א פינסטערער נאַכט

איך האָב אין א פינסטערע נאכט
די טהיר און די לאַדען פערמאכט,
און האָב מיך בערעכענט מיט שרעק:
אין וואָס איז מיין לעבען אוועק?

און ווי דורך א שפּאַלט האָט געטאָגט,
האָט עלענד מיין הארץ זיך געקלאָגט:
געקלאָגט און געדריקט, און געקלעמט —
איך האָב פאר דער זון זיך געשעמט...

* *
*

און הונדערט מאָל דענקען,
און טויזענד מאָל קלערן —
דו וועסט פון דיין שכל
קיין ענטפער דערהערן!

און הונדערטער כוסות,
און טויזענדער טרינקען —
דו וועסט אלץ דיין יאוש
נישט קענען דערטרינקען...

און רויכער אָהן אויפהער —
די זאָרג וועט דיר בלייבען,
עס וועט זי דער רויך ניט
פערטריבען, פערטרייבען.

און טויזענדער פרויען,
א סולטאַנס א הארעם —
דיין הארץ בלייבט אָהן ליעבע
און ליידיג דער אָרעם...

עס בלייבט ניט קיין מיטעל
דעם שמערץ מאַכען לינדער — —
אוי, אָרימע מענשען,
אוי, נאַרישע קינדער!...

## עלענד

און שטיל איז אין צימער
די נאכט איז שוין שפעט;
און שרעקענדיג קוקט ער
איז ווינקעל צום בעט.

און שרעקענדיג קוקט ער.
דאס הארץ אזוי ציהט —
און שרעקענדיג דאכט ער:
זיך לעגען, צי ניט?

עס קוקט דורך די שויבען
די נאכט שווארץ אריין,
און וויקעלט אין עלענד
אין טרויער איהם איין...

די נאכט קוקט אין פענסטער,
אזוי ווי זי היט...
און ביינקענדיג קלערט ער:
זיך לעגען, צי ניט?..

## ווען דו בלייבסט אליין

דו ארבייטסט מיט אימפעט מיט האסט
און ס'טראָגט זיך א שעה נאָך א שעה,
און ענדליך איז אומעטיג פּאָרט,
און ענדליך איז גאָר־נישט ניטאָ...

דו ארבייטסט, פערגעסט זיך און קוועלסט,
און מיינסט, דו ביזט נאָך אמאָל יונג, —
און בלייבסטו א ווייליע אליין,
שטעלט אוים דיר דיין שאָטען א צונג...

## די לעצטע סטרונע

גלויבען, האָפענונג — פערטריעבען —
פיעדעל מיינע, יאָמער הויך!
נאָר איין סטרונע איז געבליעבען
און די איינע פלאצט באלד אויך!

איידער ס'פּלאצט איז דאָך מיין ווילען,
זאָלסטו עהרליך דיענען מיר
און מיין אונגליק הויך פערשפּיעלען,
ווי אמאָל, אויף סטרונעס פיער....

# אַ תּפלה

שטיינער ליגען מיר אין הארצען,
חמארעס געהען מיר אין קאָפּ, —
גאָט דו גוטער, פול ערבארמען,
שיק דיין גנאָד אויף מיר אראָב!

קראַנק, דערשראָקען איז מיין זעעלע,
זי איז דאָך פון דיר א טייל —
און זי בענקט אַלץ און זי זוכט דיך, —
מיין נשמה, הייל זי, הייל!

## מיינע אבגעלעבטע יאהרען

מיינע אבגעלעבטע יאהרען
האבען זיך, ווי שווארצע שאטען,
אויסגעלעגט און אויסגעצויגען
אויף מיין לאנגען לעבענס־וועג...

וואס'זשע ווילט איהר! כ'וויל ניט וויסען
פון מיין אלטען, אלטען עבר,
כ'בין ניט יענער, כ'בין אנ'אנד'רער —
לאזט מיר, לאזט מיר גהן אליין!

כ'וועל אין וועג בעגעגנען בוימער,
כ'וועל אין וועג בעגעגנען פייגעל,
און א נייער קוואל, א פרישער
שטילען וועט מיין לעבענס־דורשט!

און איך לאז מיך פרעהליך לויפען,
און עס ווילט זיך פייפען, זינגען —
קעהר איך אפ מיין קאפ א הינטער:
וועה, די שאטען יאגען נאך!...

## דער סוף

דאָס וועלטיל געענדיגט,
דאָס לעבען — געעקט.
און אזוי מאוס,
אזוי אָהן עפעקט!

עס איז ניט קיין דראַמע
און קיין וואָדעוויל,
עס איז גאָר אַנ׳אומעטיגס,
וואָסער־דיגס־שפּיעל.

און שווער און פאַמעליך
דער פאָרהאַנג ער פאַלט,
און וויסט ווערט און וויסטער
און פינסטער און קאַלט...

## דער קראַנקער בוים

ווי נאָר ס'הויבט דער בוים אָן דאַרען,
דאַרט ער שוין און דאַרט;
ס'וועט ניט היילען איהם דער פריהלינג,
וואָס ער וואַרט און וואַרט.

גרינען וועלען ניט די בלעטער
אויף די צווייגען מעהר;
און קיין פייגעל וועט ניט קומען
זינגען דאָ אהער.

און דער טהוי בעגינען וועט ניט
פאַלען אויף זיין קאָפּ,
און דער וואַנד'רער וועט איהם ווייכען,
רוהט ביי איהם ניט אָב.

ס'וועט דער פריהלינג נאָר איהם רייצען,
ס'וועט איהם טהאָן נאָר באַנג:
אַלע בוימער אויסגעציערטע,
ער נאָר — הויל און קראַנק.

## מיין טאָג

ס'איז מיין טאָג פון פרייד פערשוואונדען,
און מיין נאכט איז אָנגעקומען,
האָב איך פייער אָנגעצונדען,
ווידער וואכען זיך גענומען.

ס'איז דאָס לעבען ליעב און טייער,
און עס ווילט זיך וואכען, וואכען, —
צינד איך ליכט און ברען מיר פייער, —
כ'וויל מיר ווידער פריילידך מאכען.

נאָר עס שליעסען זיך די אויגען
און דער קאָפּ ער פאלט א מיעדער;
איז דער טאָג אוועקגעפלויגען,
קענסטו שוין ניט טאָגען ווידער...

## אוי, די איינציג-ווייסע האָר!...

אוי, די איינציג־ווייסע האָר
ווי זי טהוט מיר באנג!
שווארצער קאָפּ, ווער ווייס דורך אוים —
דאָס איז מיין פערלאנג!

אוי, די איינציג־ווייסע האָר,
ווי זי שרעקט און שרעקט!
עהדער נאָך די עלטער קומט,
עקט די יוגענד, עקט.

ס'טרייבען פלינק די שווארצע האָר:
צו דיין ליעבסטער געה!
ד'איינציג־ווייסע האָר, זי לאכט:
זאָג שוין איהר: אדיע!

וויינען שטיל די שווארצע האָר:
זיי צו לעבען גרייט,
לאכט די ווייסע האָר פון זיי:
כ'פלעכט פאר איהם דעם טויט.

יוגענד, עלטער, לעבען, טויט —
שרעקליך איז דער קריעג!...
א, דו איינציג־ווייסע האָר,
פייער שוין דיין זיעג!



און דער זומער ווערט פערשוואונדען
מיט די דופטענדיגע נעכט,
און עס וועלקען אלע בלומען,
און דער ווינד פון הערבסט צוברעכט

אלע גרינע, פרישע צווייגען,
און ער מאכט פון זיי א תל,
און די בלעטער פון די ביימער
פאלען אב, צודארט און געל.

און די יוגענד ווערט פערשוואונדען,
ווי א נעבעל, ווי א רויך,
און זי שלעפט אוועק די ליעבע
און דעם גלויבען, און דעם כח...

אלעס, אלעס ווערט פערפלויגען,
וואס נאר טייער, ליעב און שעהן, —
אייביג בלייבען נאר די צרות,
אייביג בלייבט דער טויט אליין...

## צום טרוים.

אנגענומען זיך מיט צער
פאר דעם לאנגען טאָג, —
אַ דו ליעבער, זיסער טרוים,
טראָג מיין זעלע, טראָג!

אַ, וואָס זעה איך ווען איך וואַך,
ארמוטה, זומפּ און קויט:
ווער בעזוכט מיך, ווען איך וואַך? —
נאָר די אלטע נויט...

און איך בעט: דו, גוטע נאכט,
פאל שוין, פאל שוין צו!
און מיין הארץ, מיין קראנקען הארץ
שענק אביסעל רוה...

קום-זשע גלייך, דו ליעבער טרוים,
טראָג מיך ווייט און טראָג,
טראָג מיך ווייט, איך זאָל ניט זעהן,
וואָס איך זעה ביי טאָג...

## וואו?

איך בין שוין געוואָרען
אַנ'אייביגער וואַנדרער
און וואָגעל און בלאָנזשע
פון שטאָדט צו דער אַנדרער.

וואו וועל איך פערבלייבען,
א רוהע געפינען?
די פראגע, זי נאָגט מיר
און עגבערט מיין זינען.

צו וועל איך אין וועגען
שוין אייביג זיך דארבען
און ווייט פון מיין היימאטה
איין עלענדער שטארבען?

ווער וועט אויף מיין קבר
מיין נאָמען פערשרייבען,
עס זאָל א געדעכניש
נאָך מיר חאָטש פערבלייבען?...

## לעבען ווילט זיך

לעבען ווילט זיך... אַך דאָס לעבען
האָט אין זיך אַזוי פיעל חן,
נאָר איך קען גאָר נישט דערגרייכען
דאָס, וואָס ליעב איז, דאָס וואָס שיין.

לעבען ווילט זיך... נאָר איך קען נישט —
כחות דאַרף מען האָבען מעהר...
שטאַרבען... און פערלאָזען אַלעם —
אַך, דאָס איז מיר אויך צו שווער!

און מיין לעבען איז געגליכען,
צו אַ לאָמפּ מיט ווייניג נאַפט:
ווערען ווערט ער נישט פערלאָשען,
ברענען האָט ער נישט קיין קראַפט!...

## אַמאָליגע טעג

צושטעלט זיך אין רייהען אַמאָליגע טעג,
פערשוואונדענע טעג פון מיין לעבען,
איך וועל אייך אדורכגעהן פון אָנהויב ביז ברעג
און יעדערען „שלום" אָבגעבען.

איך וועל מיר פאר יעדערען געבען א נייג
און שטרעקען מיט ליעבשאפט די האנד אייך;
עס וועט זיך בעווייזען א טרעהר אין מיין אויג —
אנ'אלטע — זי איז דאָך בעקאנט אייך.

צושטעלט זיך אין רייהען פערגאַנגענע טעג!
פערגעסט, וואָס איך האָב אייך געשאָלטען,
עס איז נאָר געוועזען פאר צרות אַהן ברעג,
עס האָט מיר מיט אייך נישט געגאָלטען.

איהר זענט אזוי חשך'דיג פינסטער געוועזן
און שווער, ווי די ריזיגע בערגער,
געהאָפט האָב איך בעסערע טעג פאר מיר זעהן,
אומזיסט אבער — די זענען ערגער!...

## דער נעבעל

וואָס זאָל עס בעדייטען דער נעבעל,
וואָס העננט אזוי דיכט אויף דער שטאָדט?
צי וויל שוין דאָס שטיקעלע הימעל
אוועקרויבען אויך פון אונז גאָט?

צי וויל ער פערשטעלען דאָס פּנים
פון מענשען, וואָס געהען אין גאָס,
און זעהן זאָל ניט איינער דעם צווייטען,
די בליקען, די בייזע, פול כעס?...

צו איז איהם די זון גאר א שאָדען,
וואָס לויכט נאָר צו גזלה און זינד,
און האָט זי פון מענשען פערהאנגען
מיט נעבעל געדיכטען אצינד?...

וואָס זאָל עס בעדייטען דער נעבעל,
וואָס העננט אזוי טרויריג און שווארץ? —
אנ׳אימה בעפאלט מיין נשמה,
עס טרויערט און ציטערט מיין הארץ...

## איך ווייס ניט...

איך ווייס ניט וואס האָב איך,
איך ווייס ניט וואס פעהלט מיר:
איך ווייס נאָר — די ליכטיגע
זון איז פערשטעלט מיר.

איך ווייס ניט וואס זינג איך,
צו ליעבע, צו צאָרען:
איך ווייס נאָר — מיין הארץ איז
פערשרפ'ט געווארען.

איך ווייס ניט צו לעב איך,
צו בין איך געשטאָרבען:
איך ווייס נאָר פערשימעלט
איז אלץ און פערדאָרבען...

## שלום

איך וועל מאכען שלום
מיט דעם לעבען:
ווען עס עפעס געבען
וויל איך נעמען — —
כ'וועל מיך קיינמאָל קלעמען — —
ס'איז א חלום, ס'איז א חלום!...

ווען מיין ליעבסטע קומען
מיך בעגליקען,
וועל איך פעסט זי דריקען
ווייך און ווארעם
אין מיין ארעם;
טאָמער ניט — זי האָט פערלאזען —
וועל איך אויך קיין טרעהר ניט לאזען,
און מיין הארץ בעפעהל איך: שטומען!

איך וועל מאכען שלום
מיט דעם לעבען:
כ'וועל מיך קיינמאָל קריגען
מיט דעם מזל, מיט דעם הארטען, —
כ'וויל אביסעל רוהיג ליעגען,
רוהיג ווארטען...

שא, מיין ליעבער,
כ'שליעס די אויגען — —
אַלץ פאריבער, אַלץ פערפלויגען — —
ס'איז א חלום, ס'איז א חלום! ...

## ביי די בוימער

הינטערן שטעדטעל, וואו די בוימער
שטעהען שטאָלץ און פריי און שלאַנק,
געה איך אום אצינד געבויגען,
מיעד פון לעבען, עלענד, קראַנק.

הויכע בוימער, אַלטע בוימער!
רוף איך מיט א מאַטען קול,
קוקט אַז אייער פריינד דעם אַלטען,
און דערקאַנט מיך פון אַמאָל.

אַה, דערקאַנט מיך, ליעבע בוימער!
גיעסט אריין מיר אויף דאָס ניי
אין מיין הארצען לוסט און ליעבע,
ווי אַמאָל אין שעהנעם מאַי.

וועקט מיך ווייטער אויף צום לעבען,
וואַרעמט אַן מיין קאַלטעם בלוט,
קעהרט מיך אום צום נייעם לעבען —
נייע קרעפטען, פרישע מוט!

איהר געדענקט דאָך מיך פון פריהער,
ווען איך האָב עס אַלץ געהאַט,
לאָזט מיך בוימער, איצט ניט וועלקען,
ווי אין הערבסט־צייט אייער בלאַט...

## דאָס בוימעלע

און זעהסטו דאָס בוימעל, ייאָס וואַקסט אויף דעם פעלד
אָהן פריינד, אָהן חברים, אליין?
עס שאָקעלט זיך טרויריג און דאַוועַנט פאר גאָט,
וואָס בעט עס, — ווער קען עס פערשטעהן!

עס בעט נישט קיין פריהלינג, קיין וואַרימען שטראַהל —
וואָס נוצט עס דעם עלענדען קינד?
עס וויינט נאָר און בעט זיך געוויטער ביי גאָט,
עס זאָל איהם צוברעכען דער ווינד!...

*
*    *

עס שאקעלט דאס בוימעל זיך הין און צוריק —
עס ווערט ניט צובראכען... אה וואס איז דאס גליק?
וואס טויג אזא לעבען — אין אייביגען שרעק? — —
אה, איינמאל א בראך — און געניג, און אן עק!..

## דו פרעגסט...

־ו פרעגסט מיך, מיין פריינד, ווי אַלט איך בין שוין,
איך וואָלט עס דיר גערן דערצעהלען:
נאָר גלויב מיר, מיין פריינד, איך ווייס ניט אליין —
עס האָט ניט געלוינט זיך צו צעהלען...

דער קאַרגער צעהלט געלד, דער גליקליכער — טעג,
מען צעהלט וואָס ס'איז ליעב, וואָס ס'איז טהייער:
מיין לעבען, אַ, פריינד, איז א וויסט־לאַנגער וועג,
און פונקט פאַר א יאָהרען, ווי הייער...

אויב לעבען הייסט ליידען, דאַן לעב איך שוין לאַנג,
דאַן האָב איך גענוג זיי, די יאָהרען :
אויב לעבען הייסט הערען פון גליק האָטש א קלאַנג
דאַן בין איך נאָך גאָר ניט געבאָרען...

## פון טאָל

גאט, נעם מיך פון טאָל פון בעטריעבטען ארויס,
ווען ניט געהט מיין לעבען, מיין חיות מיר אויס.
דאָ לעשט זיך מיין זעעלע, אזוי ווי א ליכט,
וואס צאנקט אין א שענק מיט שכורים געדיכט;
דאָ שלעפּ איך מיך אום, דערשראָקען און בלאס,
אזוי ווי א פערבלאנזשעטע קינד אין א גאס...

## דער שטויב פון דער וועלט...

דער שטויב פון דער וועלט איז געפאלען אויף מיר,
און קראנק בין איך, קראנק;
די ליעבע — זי וועלקט טיעף אין הארצען ביי מיר,
אין קאפּ — דער געדאנק...

און ווער קען מיך היילען? נישטאָ אזא מענש,
נישטאָ אזא לאנד!
און וואלסטו דעם הימעל דערגרייכען געוואלט —
ווי קורץ איז דיין האנד..

# געדאנקען.

.1

### דער מענש.

דער מענש — ער האָט הויכע פערלאנגען,
די כחות — ווי שוואך און ווי קליין!
איהם ווילט זיך דעם הימעל דערלאנגען,
און קען אויף דער ערד קוים אומגעהן.

איהם ווילט זיך די גאנצע וועלט ליעבען
און ליגדערען יעדערענס „אוי“ —
און ליעבע איז קוים איהם געבליבען
פאר אַן ארימער, זינדיגער פרוי...

.2

### פרויען.

פערזוימט האָט זיך משה אין הימעל,
דאָס פאָלק האָט נאָך גאָט זיך פערבענקט —
אַז אנדערען גאָט זיך צו מאכען,
האָבען פרויען די ציהרונג געשענקט.

אַ, היינט זענען אַנדערע פרויען —
עס בייטען זיך צייטען, אַ שרעק!
די היינטיגע פרויען פאַר ציהרונג
זיי שענקען דעם גאָט אייך אוועק..

### 3.

א קאמפלימענט.

כ'האב מיט איהר געשערצט, געלאכט,
קאמפלימענטען איהר געמאכט
און מיין עהרען וואָרט געגעבען,
אז איך ליעב זי ווי מיין לעבען.
אך, ווי וואלט עס איהר פערדריסען,
ווען זי וואלט מיין לעבען וויסען?!...

### 4.

מיינע טעג.

ביטער איז געוועזן מיין נעכטען
און דער היינט איז אויך פול זארגען —
און דער היינט און נעכטען — ביידע
שאפען, וועבען מיר מיין מארגען.

א, אזעלכע צוויי שלימזל'ם
קענען רעכטס דען עפעס מאכען? —
ס'וועט ארויס קומען א מארגען
נאָר צום חוזק, נאָר צום לאכען...

.5

מיינע ליעדער.

כ'האב געשריבען מיינע ליעדער
נאר מיט טינט מיט שווארצען,
ווען איך לעז זיי, דאכט מיר זעה איך
רויטעס בלוט פון הארצען.

וואס איך לעז די ליעדער מעהרער
ווערט אלץ רויטער, רויטער,
וואס איך שרייב די ליעדער, מעהרער
ווער איך בלייכער, טויטער...

6

מיין פריינד.

מיין פריינד! מיט דער וועלט ווערסטו גארנישט ניט מאכען —
און האט זי פון דיר נאר גענומען צו לאכען,
דאן מוזטו ענטלויפען, דאן מוזט זיך בעהאלטען,
אין ערגיץ א ווינקעל, א וויסטען, א קאלטען.

מיין פריינד! מיט דער וועלט ווערסטו גארנישט ניט מאכען.
עס האט שוין געטראפען א זעלבענע זאכען.
די וועלט, אט די אלטע, די נארישע זקנה,
איז פונקט, ווי א קינד נאך, אנ'עקשנ'טע איינע...

## 7.

### גאָט'ס פוסבייינקעל.

דער גרויסער, פרייער הימעל
דאָס איז דאָך גאָטעס טהראָן,
און ריין איז גאָטעס הימעל
פון אייביג־אייביג־אָן.
די ערד — דאָס איז זיין ביינקעל
— אזוי זאָגט גאָט אליין
צי פּאסט דיר גאָט דיין ביינקעל
זאָל זיין אזוי ניט ריין ? —

## 8.

### דער בלינדער.

אָט איז ער געקומען, דער אָרימער בלינדער
און האָט אויפ'ן הויף זיך געשטעלט,
עס ציהט זיך דאָס קלעגליכע ליעד זיינס : א בריז'ער!
איך זעה ניט די ליכטיגע וועלט!

עס ריהרען זיך הערצער, עס ווייזען זיך טרעהרען,
מען ווארפט איהם פון פענסטער פיעל געלד;
און שטיל ווערט דער בלינדער, ער איז שוין בערוהיגט—
ער זעהט שוין די ליכטיגע וועלט!

9.

די נאכט.

די נאכט רוקט זיך אן, די נאכט רוקט זיך אן
די אוראלטע, פינסטערע נאכט,
און רוהיג און שטיל בעהערשט זי דעם טראן
מיט חשך און פינסטערער מאכט.
און ס'דאכט זיך זי רעדט: נו, זאגט איהר אליין,
צי איז דען ניט בעסער פאר אייך:
ווי רוהיג און שטיל! קיין פרייד, קיין געוויין,
עס שלאפען זיך ארים און רייך!

10.

אלטער גלויבען.

אלטער גלויבען, אלטע האפנונג
ציהט זיך פון מיין הארץ ארוים —
אבגעוואהנט האט איהר דארט יאהרען,
איצט איז אייער צייט שוין אוים!

כ'האב דערקוויקט אייך פאלשע שכנים,
איהר פערשפרעכט אלץ זילבער, גאלד,
און איך בין שוין אלט געווארען,
און איהר האט נאך נישט בעצאהלט!...

## צום לעבען

לעבען זאג מיר, וואס דו האסט
און איך פרעג נישט, וואס עס קאסט:
שטעלען שטעל דעם העכסטען פרייז,
אבער עפעס שעהנס בעוויין.

כ'האב געהאט אן אידעאל —
ווי אין וואלד א ריינער קוואל,
אנגעריהרט האב איך איהם קוים
איז צורינען ער ווי שוים...

כ'האב געליעבט א פרוי — איהר בליק
האט געשאפט מיר פרייד און גליק;
כ'האב דערקענט זי — ערשט א שלאנג
און דאס הארץ איז וויסט און באנג...

כ'האב געקעמפפט פאר מענשען־גליק
לויז צו מאכען זיי פון שטריק;
כ'האב געהאפט, געגלויבט, ווי א קינד:
דאך די בלינדע בלייבען בלינד.

האב איך באלד פערלאזט דעם מארק
און געשטיגען אויף א בארג;
כ'האב דעם העכסטען שפיץ בעזוכט
און — — די איינזאמקייט פערפלוכט!

וואס־זשע האסטו, לעבען, נאך,
אויסער זיעבען טעג אין וואך,
אויסער אונזער שווערען יאך
און דעם טויט, דעם טויט דער נאך...

## מיין צוריקקעהר אהיים

1.

אומגעוואנדערט און געוואַגעלט
האב איך אין דער פרעמד פיעל יאהרען
איבערדרימ׳ג און פערמאוסט
איז דאַס לעבען מיר געוואָרען.
אַ, די גרויסע שטעדט, די גאַסען
מיט די ריזיג־הויכע מויערן
האַבען מיך אזוי געשראָקען —
כ׳פלעג דאָרט נאַך מיין היימאט טרויערן:
נאַך דעם קליינעם, ליעבען שטעדטיל
נאַך די געסליך, — עלענד, אָרעם;
נאַך די שטיבעלעך די קליינע —
נאַך די לעבעדיגע קברים.
נאַך די קברים! דאַך געצויגען
צום בית־עולם, צו דעם אַלטען;
אַ, ווי פיעל זכרונות ליעבע
ליעגען דאָרטען טיעף בעהאלטען.
טיעף בעהאלטען דאַך וועל איך זיי
פון דער ערד צוריק אויסגראַבען,
מיט פערשטאַרבענע ווידער זעהן זיך,
ווי פיעל נחת וועל איך האַבען!
כ׳האַב די גרויסע וועלט פערלאַזען,
בין געפלויגען ווי אויף פליעגעל,
צו מיין שטעדטיל, וואו געשטאַנען
איז אמאל מיין קינדהייטס וויעגעל.

2.

כ'האב דערקענט דיך, ליעבעס שטעדטיל,
האסט זיך פיעל ניט אומגעביטען!
איך דערקען די געסלעך דיינע
און דעם גרויסען מארק אין מיטען.
אח, ווי טרויריג ווייזט ער אויס מיר:
אלע הייזער אלט געווארען,
און די שויבען פון די פענסטער
קוקען פינסטער, פול מיט צארען!...

* *
*

חיים לייזער'ס הויז — וואו איז עס
מיט דעם גאניק מיט דעם לאנגען,
וואו עס פלעגט זיך שטענדיג הערען
לוסטיג לאכען און געזאנגען?
רייך געוועזן איז חיים לייזער
און א בעל הבית און עכטער,
א פרנסה שטוב א גרויסע
און צוויי שענע, יונגע טעכטער.
איך געדענק די עלט'רע, ביילע,
מיט די שווארצע, גרויסע אויגען,
וועלכע פלעגען שטענדיג לאכען
און מיין הארץ דאן צוגעצויגען.
כ'פלעג אפט קומען אויפ'ן גאניק
אין די זומער-נעכט צו זיצען
מיט די טעכטער, מיט די שיינע,
און פלעג פרייליך שיטען וויצען.

זייער לאכען פלעגט דאן קלינגען,
ווי דאס ליעד פון נאכטיגאלען —
אך, וואו זענט איהר, ליעבע טעכטער,
אח, וואו זענט איהר איצט פערפאלען?
שלעכטע צייטען! חיים לייזער
איז פערארימט לאנג געווארען,
נאך אמעריקע די טעכטער
זיינען גלייך אוועקגעפאהרען.
דאס האט מיר דערצעהלט די מוטער
מיט פערוויינטע, פייכטע אויגען:
„מיינע לוסטיגע צוויי פייגעל
זיינען איבער ים פערפלויגען!“
„מיינע לוסטיגע צוויי־פייגעל!“
האט זי מיט די הענד פערבראכען —
„זעהט, א תל פון הויז געווארען,
און דער גאניק איז צובראכען“...

3.

ניט פערגעסען אויך דעם שולהויף,
וואו עס שטעהט די תלמוד תורה,
כ׳האב בעטראכט זי נאך פון ווייטען,
וויל פון נאהענט איז א מורא...
כ׳האב דערקענט די אר׳מע קינדער —
בארפוס, נאקעט און דערשלאגען:
און געריהרט פון זייער עלענד
האט דאס הארץ געוואלט וואס זאגען:
א, איהר תלמוד־תורה קינדער!
כ׳קוק אויף אייך מיט פייכטע אויגען —
ספרים טראגט איהר ניט אין ראנצעם —

וואס־זשע געהט איהר איינגעבויגען?
וועלכע שווערע משא קרימט אויס
יונגערהייט נאך אייער רוקען?
איז די תורה אזוי שווער אייך
אדער איז דאס ברויט צו טרוקען?"
נאר זיי האבען ניט געענטפערט.
האבען קענטיג שוואך פערשטאנען:
אויסגעשטעלט די אויגען, פראגענד:
אט די ווייכקייט קומט פון וואנען?...
זיי, די אר'מע און יתומים
זיינען נאר געוועהנט צו ווילדע
קולות, קניפען און קולאקעס,
אבער ניט צו ווערטער מילדע...

4.

כ'האב געוואלט זעהן דעם בית המדרש,
בין אין איהם אריינגעגאנגען —
אח, ווי הערצליך און ווי פריינדליך
האט מיך יעדער דארט עמפפאנגען!
א בעקאנטער, צי א פרעמדער
האט זיין האנד מיר אויסגעצויגען
און עס האט „שלום עליכם"
העל געלויכטען אין די אויגען.
כ'האב דערקענט די ארמע ברידער,
צווישען זיי אויך חיים בער'ן,
מיין אמאליגען מלמד —
כ'האב דערקענט איהם אן זיין שטערן
מיט די פיעלע, פיעלע קנייטשען,
טיעפער זיינען זיי געווארען...

„וואָס־זשע מאַכט איהר ליעבער רבי,
ווי האָט איהר געלעבט די יאָהרען?
און ביי טאָג אין שוהל וואָס טהוט איהר?
ס'איז מיר עפּעס ניט געפעלען,
אָדער זענט איהר רייך געוואָרען
און האָט אויפגעהערט צו קנעלען?"
ליעבער זוהן! האָט ער געענטפערט —
כ'בין ניט רייכער, ס'האָט מיין צעטיל
ניט געוואונען, דאָך בין איך שוין
אויס מלמד אין מיין שטעדטיל.
ליעבער זוהן! אויף אונז'רע אידען
קומט א צרה נאָך א צרה;
מעהר גישטאָ שוין יענע יאָהרען —
קיינער דאַרף ניט קיין גמרא!
מ'לעהרענט אויס נאָר איצט דעם אינגעל
עפּעס דאווגען, עפּעס ברכה,
עהדער נאָך ער ווערט בעל מצוה
ווערט פון איהם א בעל מלאכה!"
— וואָס־זשע טהוט איהר ליעבער רבי,
וואו־זשע נעמט איהר זיך צום לעבען?
„כ'האָב פערקויפט, מיין זוהן, דאָס שטיבעל
און מיין טאָכטער אויסגעגעבען.
דו געדענקסט מיין קליינע שטיבעל,
מ'האָט געדאַרפט עס איבערבויען,
דאָך איך קען עס ניט פערגעסען,
ס'ציהט דאָס האַרץ, אַ, מעגסט מיר טרויען...
נאָר צוריק די אייג'נע מעשה...
שטותים! כ'האָב געמוזט פערקויפען;
דו געדענקסט דאָך נאָך מיין בתולה...
און די יאָהרען, ווי זיי לויפען...

לאזען זיצען איז קיין תכלית,
ז'איז געווען א היבשע בתולה,
נאר אין ארימקייט וואס העלפט עס?
שעהן אהן געלד איז ניט קיין פעולה.
פאר א בעל־מלאכה... מילא...
נאר פערדעקען מיט א שלייער...
— וואס־זשע טהוט איהר איצטער רבי?
„כ'זופ ביי טאג אביסעל זוהר".
— ניין — איך מיין פון וואנען לעבט איהר?...
„פרעג, מיין זוהן, ניט — לאז צופריעדען —
מיט דעם בורא'ס הילף — עס לעבט זיך,
ווי עס לעבען אלע אידען..."

5.

אין בית מדרש אין א ווינקעל
האט א אינגעל זיך פערקליעבען
און מיט גרויס געפיהל, התמדה
האט ער עפעס דארט געשריעבען.
כ'האב בעטראכט איהם—הויט און ביינער
און די בעקלעך איינגעצויגען,
האט קיין צייכען פון א פנים,
נאר עס פינקלען זיינע אויגען.
איך בין צו איהם צוגעגאנגען
און געפרעגט : וואס שרייבסטו ליעבער?
ער האט זיך פערשעמט, דערשראקען
און געציטערט ווי אין פיבער.
נאר נישט — האט ער קוים געענטפערט —
כ'האב זיך ליעב צו מאהלען תמיד...
כ'מאל פון גרויסע לייט די בילדער —
אויך מיין ארבייט איז דער עמוד...

אין דער היים איז ענג און פינסטער
און די קליינע קינדער שרייען,
שרייב איך דאָ מיר אין בית מדרש —
כ'מאָל איצט — „הבל'ן הרג'ט קין"...
ס'האָט געזעהן אמאָל דער דאָקטער
מיינע ארבייט, די פּאַפּיערען —
כ'וואָלט א „לייט" געווען, זאָגט ער
ווען געקענט וואָלט איך שטודירען.
ס'האָט מיין טאַטע שטארק צעלאכט זיך
אויף דעם דאָקטער'ס רייד אין גאנצען:
מיין זוהן שיקען אין די קלאסען, —
אפשר זאָל איך געהן איצט טאַנצען..."

6.

טרויריג בין איך פון בית מדרש
און בעטריעבט ארויסגעגאנגען,
פול מיט ועהמוטה, פול מ'ט זאָרגען,
פול מיט נאַרישע פערלאנגען...
כ'האָב געלאָזען געהן זיך ווייטער
געהן און געהן... איך זאָל פערגעסען
מיינע שווערע, גרויסע ליידען,
וועלכע דריקען מיך און פּרעסען.
געהענדיג פערטיעפט אין טרויער
בין איך צו דעם טייך געקומען
און א טיעפער, אלטער קומער
האָט מיין זעלע דורכגענומען.
זיי געגריסט מיר, ליעבעם טייכעל,
א. ווי פלעג איך נאָך דיר בענקען!

שטעהענדיג ביי גרויסע ימים
פלעג איך דארט אויף דיך געדענקען.
רוהיג, שטיל פליסט דיינע וואסער,
ביי דיר קאכען ניט קיין חוואליעס.
דיינע שיפען — שטיקלעך שמאטעס
שווימען — צייכענס פון דעם דלות.
זומער צייט אין דיינע וואסער
וואלט א תענוג ווער געפינען,
טריקענסטו דאן אויס אין גאנצען,
דיינע וואסער ווערט ענטרינען...
ווינטער צייט ווערסטו פערפרוירען
און מיט מיסט פערדעקט, פערשאטען...
דאך האב איך דיך ליעב, מיין טייכעל,
כ׳וואלט פון דיר ניט אבגעטראטען.
אמת, כ׳האב געזעהן שוין טייכען,
וואו די חוואליעס ווארפען, ברומען,
וואו דאס וואסער — שטארק און מעכטיג,
דאך בין איך צו דיר געקומען.
יא, צו דיר האט מיך געצויגען,
דארט בין איך געוועזן א פרעמדער, —
— איך געדענק, ווי ביי דיין וואסער
פלעגט מיין מוטער וואשען העמדער...
און דערמאן איך אין מיין מוטער
ווערען ד׳אויגען פול מיט טרערען...
נעם זיי צו צו דיר, ליעב טייכעל,
וועסטו טרוקען קיינמאל ווערען...

7.

קומענדיג א היים, צום ויידעו,
דאָרט איז מיין קוואַרטיער געוועזען —
האָט די באָבע מיר א גאַנצע
לעקציע אָנגעהויבען לעזען:
„וואו ביזטו דאָס אויסגעוועזען?
און אונז האָסטו גאָר פערגעסען:
האָסט זיך נאָר דערמאָנט צו קומען
ווען פערוואָלט האָט זיך דיר עסען...
מילא איך בין דיר עס מוחל —
האָט זי ליעבליך צוגעגעבען —
ביזט א יונגערמאַן, עס ווילט זיך
אומשפּאַציערען, ס'ווילט זיך לעבען.
איך בין אויך אמאָל געוועזען
יונג און ליעב געהאַט צו שפּיעלען:
אך, וואָס איך פלעג אויסשפּאַציערען
און קיין מיעדקייט קיינמאָל פיהלען.
איצטער... אוים! נאָר אין מחשבות,
כ'האָב פעררעדט זיך און פערגעסען,
ביזט א הונגעריגער נעביך,
נעהם אויף גיך און וואַש זיך עסען".
גוט האָט מיר געשמעקט דער באָבעס
איהרע איינפאַכיגע שפּייזען:
שמאַלץ מיט רעטאַך... אין דער פרעמד דאָך
האָב איך ניט געקענט ס'דערווייזען.
לאַכט אייך, ברידער, פון דעם מאכל,
וואָס איהר ווילט דאָס זאָגט און רעדט אייך —
איך בין דאָך ביי מיינס — עס שמעקט מיר
אונזער מאכל — שמאַלץ מיט רעטאַך...
און אויף פלייש — האָט מיר די באָבע

ווייך געזאגט — ניט האב פעראיבעל —
ווערסט אין שטאָדט א לויט ניט קריעגען.
זאָלסט בעצאָהלען חאטש א רובעל.
די קצבים ווייגען קלאָגען,
ווילען מאכען אן אסיפה:
צעהן שטיק האָבען זיי געקוילעט,
און דער רב געמאכט האָט טריפה...
די קצבים — גראָבע יונגען,
פרעג, וואָס ווילען זיי דען האָבען?
זאָל מען דען דעם שלחן־ארוך
מיט די „נאָך זאכען" בעגראָבען?...

8.

שבת פריה בין איך געגאנגען
אין בית מדרש מיט'ן זיידען,
אין דעם זעלביגען בית מדרש,
וואו איך האָב אמאָל אין פריידען
אין מיין קינדהייט נאָך געדאווענט
מיט'ן טאטען פון איין סידור...
און דערמאָהן איך יענע צייטען
הויבט דאָס הערץ אן פרעהען ווידער...
און עס הייבט אן מעכטיג קלאָפּען
און צו וויינען און צו בעטען...
און איך פיהל מיך, ווי מלאכים
וואָלטען קושען מיך און גלעטען...
אין דעם זעלביגען בית מדרש —
אָט דערקען איך זי, די בימה,
וואו דער חזן זינגט, צוגיסט זיך
אויף זיין טרויריג־זיסער, שטימע.

אך, ווי טרויריג זינגט דער חזן!
ס'העלפט איהם אונטער נאר איין בחור —
וואס־זשע ווינט ער? אויף דעם אפשר
וואס עם קלעקט איהם ניט דער „וואכער“?
א, וואס רייסען זיך די טענער
מיט אזא געבעט און ברומען?
אפשר, וואס די שכירות זיינע
איז פון גבאי שווער בעקומען?
א וואס שפרייט ער זיינע הענד אויס
און ער בעט זיך ביי דעם עולם?
אפשר ווינט ער וואס זיין האפנונג
איז בלויז אלול דער בית עולם?...
נאר געענדיגט האט דער חזן,
אויסגעזונגען — זיך א היות,
אנגעהויבען האט דער גבאי —
צו פערקויפען די עליות
ווי אמאל... ניט אומגעביטען
האט מען נאך דעם טארג דעם ווילדען;
און ס'פערקויפט זיך משה'ס תורה
אויפ'ן רובעל, אויפ'ן גילדען.
שישי איז נאך אלץ א יקרות
און דער מקח ברענט פלאם פייער...
און רביעי און חמישי
איז נאך עד היום ניט טייער.
יא צו ששי נאך עד היום
האט ר' בער א גרויסע תאוה;
אט־א קריכט ער אויפ'ן בימה
און ער בלאזט פון זיך מיט גאוה!
און ער געהט אראפ פון בימה,
גלעטענדיג דאס גראבע בייכעל,

ווי געזאָגט וואָלט ער: רבותי,
ששי איז א גרויסער מאכל!
עפּים פיהל איך מיך נאָך ששי —
בין א בעל בית א יוסטער,
בין ר׳ בער... איהר קענט ר׳ בער׳ן!
ניט קיין שניידער, ניט קיין שוסטער...
און די שניידער און די שוסטער
קוקען אויף ר׳ בער מיט פלוכען....
אָך, ווי וואָלטען זיי, די ארמע,
ווען א שישי אויך פערזוכען.
א, פאר וואָס איז זיי בעשערט נאָר
מאָגערעס דאָס גאנצע לעבען?
האָטש א שטיקעל פעטע תורה —
דאָס אויך וויל מען זיי ניט געבען!

9.

זונטאָג פריה בין איך געגאנגען
אויפ׳ן מארק הין־הער און ווידער,
צו בעקוקען און בעטראכטען
פון וואָס לעבען מיינע ברידער.
א, דעם גרויסען מארק מיט בלאָטע
האָט מען אונז אוועק געגעבען:
נעמט מען צו דעם מארק מיט בלאָטע,
נעמט מען צו אויך אונזער לעבען...
צווישען פיעלע נייע קרעמער
האָב איך קוים דערקענט נאָר איינע. —
זאָל דאָס ווייבעל זיין דען רחל,
זאָל עס רחל זיין די שעהנע?
רחל, רחל — בנאמנות!

איך דערקען זי נאך פון ווייטען —
האטש זי האט זיך אומגעביטען,
גאר ניט די פון יענע צייטען,
ווען איך בין צו הויז געוועזען
און געקענט זי נאך אלס פריילין...
איך געדענק נאך איהרע אויגען
מיט די בליקען, ווי די פיילען.
רחל רחל, ליעבע רחל!
בין איך צו איהר צוגעלאפען —
ביזט א קרעמערין געווארען?
זאג, ווי האט זיך עס געטראפען?!
א, דערצעהל מיר, ליעבע רחל,
וואס האט דיך געבראכט צו דאנען?
ביזט געוועזען א שטאלצעס פריילין
און פלעגסט לעזען אפט ראמאנען.
און דיין פרייע ברוסט — פול לעבען,
פלעגט זיך, לעזענדיג, אויפהייבען,
און מיט דיינע שווארצע אויגען
פלעגסטו קוקען ווייט, און גלויבען.
איך געדענק דאך דיינע טרוימען,
פלעגסט זי עפטער מיר פערטרויען,
און א וועלט פול גליק און ליעבע
פלעגסטו דאמאלס זיך אויסבויען.
און די וועגען צו דיין צוקונפט
האסטו אויסגעשיט מיט בלומען!
וואו־זשע זיינען דיינע גליקען,
ווי ביזטו דערצו געקומען?
אין א קרעמעל — ענג און פינסטער —
זיצטו איצט פערדעקט מיט טרויער,
און די שיינע אויגען דיינע

קוקען אוים׳עט אויף א פויער...
און די זיסע שטימע דיינע,
וועלכע פלעגט ראמאנסען זינגען,
ווערט איצט הייזעריג און טרוקען
מיט דעם קונה זיך צו דינגען...
טרויריג האט זי מיר געענטפערט:
מאלע וואס עס איז געוועזען —
בין אמאל געווען פערנארישט,
און געהאפט, געגלויבט, געלעזען.
און מיין יונגעם בלוט פלעגט קאכען
פלעגט זיך אנצינדען און זידען
און פלעג גלויבען דאן און האפען
אויף אזוינס, וואס ניט פאר אידען...
און די יאהרען פליהען, פליהען,
און איך ווער אלץ עלטער, עלטער...
די חלומות שווינדען, שווינדען
און דאס בלוט ווערט קעלטער, קעלטער...
די געביידען אלע מיינע,
פיהל איך, הויבען אן צו פלאצען
און איך הער אין גאס די ווייבער
מיינע יאהרען, ווי זיי שאטצען...
כ׳האב געהערט עס, און מיין יוגענד
האב איך שטיל בעוויינט מיט טרערען.
און געמוזט האב איך א כלה
פאר דעם ערשטען חתן ווערען...
יא געמוזט: מיין גוטע מוטער
האט געוואלט פון מיר זעהן נחת:
„ווער מיין ליעבעס קינד א כלה,
אונז׳רע שונאים אויף להכעים“.
און זי האט דערלעבט דעם נחת,

וואָס זי האָט געוואָרט פֿיעל יאָהרען:
ער — אין שטעדטעל גיעט אָב „שטונדען“
איך — אַ קרעמעריין געוואָרען!...

* *
*

ווייניג נחת, ליעבעס שטעדטעל,
האָב איך איצט אין דיר געפֿונען,
פֿון אמאָל דיין חן, דיין ביסעל
איז שוין אויך פֿון לאַנג צערונען.
כ'האָב געבענגט נאָך דיר פֿון ווייטען,
כ'פֿלעג אויף דיר דאָרטען וואַרטען, האָפֿען —
אַר'מער, טויטער, ווי געלאָזען,
האָב איך איצטער דיך געטראָפֿען!

קוידאַנאָוו—קאָוונאָ, 1998.

## אין קלויז

כ׳קום אריין אין קלויז אין אלטען —
אך, ווי טרויריג, טריב און דונקעל!
ליידיג אלע בענק, — דער שמש
דרימעלט שטיל נאר אין א ווינקעל.

וואו־זשע זיינען די בחורים
ביי די גמרות מיט דעם ניגון,
וואס ער פלעגט מיר די נשמה
דא דערהויבען דא, פערוויעגען?

וואו־זשע איז דער הויכער „תנו"
פון דעם קלעצקער, פון דעם בעלזער,
מיט די זיסע שטארקע טרעלען,
אויסגעדרעהט פון יונגע העלזער?

וואו־זשע זענט איהר אלע קולות?
אך, ווי באנג אין קלויז דאס שטומען?
און דער אלטער שמש ריהרט זיך
און איך הער איהם טרויריג ברומען:

שעהן פון דיר, דו גוטער אורח,
דו געדענקסט נאך אלטע יאחרען...
יענע קלעצקער, יענע בעלזער
זיינען מאטעס שוין געווארען.

וואַנדלען, פּלאָגען זיך אין גלות,
אין דעם וויסטען, אין דעם לאַנגען,
און די קלעצקערס. בעלזערס קינדער
זיינען ווייט אוועקגעגאַנגען...

## אין דער היים

דרויסען גיעסט דער רעגען,
און עס וויינט דער ווינד:
אין דער היים צו זיצען,
אוי, ווי גוט איז צינד!

ס׳מורמעלט שטיל די מאמע:
ס׳קומט דער ווינטער אן!"
טרויריג איז איהר שטימע,
דאך ווי ליעב דער טאן:

נעבעלדיג די שויבען,
דונקעל איז אין שטיב, —
דאך צו זיצען דארטען
אוי, ווי ס׳דארף זיין ליעב.

אומעטיג דער טאטע,
אומעטיג פערטראכט,
דאך זיין שטומע ליעבע
אלע אונז בעוואכט.

## איכה

ס׳נעהמט מיר דורך דער אַלטער טרויער
אין דעם ניינטען־אָב ביי נאַכט — —
כ׳הער, עס פאַלט פון שטאָדט דער טויער
און עס פלאַקערט אויף די שלאַכט.

ווי צורייצטע חיות לויפען
אין דער שטאָדט דעם פיינד׳ס חילות
און אין זייער ווילדען לאַכען
ווערט פערטויבט דעם פאָלקס יללות.

כ׳זעה א העליש־רויטען פייער
שלאָגט זיך אַב אויף טויזענד מיילען
און עס טראָגען זיך פון פונקען
ביז צום הימעל דיקע זיילען...

וואָס ערוואָרבען האָט יהודא
דורך פיעל יאָהרען לאַנגע, שווערע,
זעה איך ווערד פערוויסט, פערניכטעט
מיט׳ן לעבען, מיט דער עהרע...

ס׳נעהמט מיך דורך דער אַלטער טרויער
אין דעם ניינטען אָב ביי נאַכט —
אויף דער ערד, דעם קאָפּ געבויגען,
זיץ איך אָבל׳דיג, פערשמאַכט...

און די שוהל איז פול מיט שאטען.
פול מיט מתים, ווייסע, בלייכע — — —
ירמיהו שטעהט פאר ד׳אויגען.
שפרייט די הענד אוז זאמערט : איכה !...

# אויפ׳ן ניל

שווימט דאָס קעסטעל אויפ׳ן טייך,
אויפ׳ן גרויסען ניל,
שווימט דאָס קעסטעל רוהיג גלייך,
שווימט דאָס קעסטעל שטיל.

און די חוואַליעס רוישען נים.
ריהרען זיך נאָר קוים,
ווי זיי וואָלטען ציטערען
אויפהייבען א שוים.

און די חוואַליעס געהען שטיל,
געהען זאכט און לינד,
ווי זיי וואָלטען דימען זיך
טהאָן א לייד דעם קינד.

אָ, די חוואַליעס זיינען דאָך
נישט ווי פּרעה הארט:
נים דערטרינקען ויעלען זיי
דעם, אויף וועמען ס׳וואַרט.

א געדריקטעס, שוואַכעס פאָלק
אונטער שטאַרקע הענד,
וואָס עס טרינקט זיך אין זיין שוויים,
ביי די ציגעל־ווענד.

א, די חוואליעס זיינען ראַך
גישט ווי פּרעה שלעכט,
ניט דערטרינקען וועלען זיי
משיח'ן פון קנעכט.

---

שווימט דאָס קעסטעל אויפ'ן טייך,
אויפ'ן גרויסען ניל,
און די חוואַליעס טראָגען עס
פאַרזיכטיג און שטיל...

## מ ש ח

איהר ארבייט פון פריה,
איהר ארבייט ביז שפעט,
ביי'ן ציגעל און לעהם;
איהר גראָבט און איהר קנעט
און מויערט — פאר פרעה'ן
פאַלאַצען און שטעדט.

איך פיהל אייער לאנגע,
איך פיהל און איך וויים,
איך זעה אויפ'ן שטערן
די טראָפּען פון שוויים.

זיי רינען, די טראָפּען,
אריין אין דעם ניל,
ער ברויזט דאָן און קאָכט
און קען ניט זיין שטיל...

און טיעפער, און טיעפער
איהר זינקט אלץ אין זומפּ;
דאָס הארץ איז פערפרוירען,
דער מח איז שטומפּ.

די אוירען פערשטאָפּט,
די אויגען פערשמירט,
איהר זעהט ניט, איהר הערט ניט,
ווי ר'וואלט ניט געשפירט...

און דאָרט אין דער ווייטענס
געפינט זיך אַ לאַנד,
ווי זייד איז דער הימעל,
ווי פּערלען דער זאַנד.

דאָרט רוישען די ווינדען,
ווי לויטער מוזיק,
דאָרט זינגען די פייגעל
פון אייביגען גליק —
און איהר שטעהט געבונדען
אין קייטען, אין שטריק"...

עס שטעהען די אַלטע
און קנייטשען די שטערען
און שרייען : „וואָס וויל ער,
וואָס לאָזט ער אונז הערען ?

וואָס קומט ער צו רייצען
אונז אייביגע קנעכט ?...
שוין לאַנג אַז עס דויערט,
עס בלייבט ביי אונז רעכט.
אומזיסט נאָר, אַ וועסטו
דיין צונג דיר פערדאַרבען,
מיר וועלען ביי'ן לעהם
און ביי'ן ציגעל שוין שטאַרבען"...

---

טיעפער ווירקט עס אויף די יונגע
פרישער איז ביי זיי די וואונדען,
און עס האָבען זייערע הערצער
פלאַמענדיג זיך אָנגעצונדען :

און עס קלינגען יונגע שטימען:
איצט, געקומען איז די צייט,
אונזער שווערען יאָך צוברעכען
מיט דער לאַנגער קנעכטען־קייט.

אויס דער פּרעה, וואָס ער מאַטערט
אונז אָהן אָנפֿאַנג און אָהן סוף:
רויבט ביי טאָג די זון, די ליעבע
און ביי נאַכט — דעם זיסען שלאָף.

אויס די שוטרים און די צווינגער,
וואָס זיי גיבען נישט קיין רוה,
מיט די פֿויסטען און מיט בייטשען
צו דער ארבייט טרייבען צו...

און זיי קוקען ליעב אויף משה׳ן
פֿול מיט האָפֿענונג אין בליק,
און עס ברעכען זיך די קייטען
און עס רייסען זיך די שטריק.

## ווען כ׳צינד די ליכטליך אָן, די אכט...

פערלאַשען זיינען מיינע שטערען
און פינסטער איז די לאַנגע נאַכט,
דאָך הויבט מיר ליכטיג אָן צו ווערען,
ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן, די אכט!

מיין מאַכט און שטאָלץ איז לאַנג אַריבער,
דער ווילדער שונא שפּאָט און לאַכט;
עס לעבט דאָך אויף דער אַלטער גבור,
ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן, די אכט!

עס שטומען אַלע מיינע ליעדער
פון גבורה, העלדענטהאַט און מאַכט,
דאָך קלינגען זיי אין האַרץ מיר ווידער,
ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן, די אכט!

אַנ׳אַלטע טרעהר מיין אויג פערדונקעלט
און האָט עס שיער נישט בלינד געמאַכט,
דאָך זעהט ווי העל צוריק עס פונקעלט,
ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן, די אכט!

## מיין פריינד, צי דו ווייסט?...

מיין פריינד, צי דו ווייסט,
וואס הייסט און בעדייט
א ביטערע צייט?...
צי פיהלסטו וואס הייסט
א פאלק אין א צער,
א פאלק אין געפאהר?...

צי פיהלסטו, מיין פריינד
ווי טיעף איז דער וועה,
ווען ס'הערט זיך פון פיינד
א בראנפען־געשרעה:

אט זעהסטו — ער קומט
מיט רציחה און וואוט,
אט הערסטו — ער ברומט,
און דארשט נאך דיין בלוט, —

און האסט ניט וואוהין
נאך רעטונג צו געהן,
נאר סיידען צו איהם,
צום שונא אליין!?...

צי פיהלסטו מיין פריינד,
וואס איז דאס אזוינס,
א פאלק'ל א קליינס
און גרויס איז דער פיינד?...

אחז וואפען, אחז מוט...
און האט ניט קיין שוץ,
און הפקר זיין גוטס,
און הפקר זיין בלוט!...

## וואָס מאַכט איהר?

וואָס מאַכט איהר, איהר אָרימע ברידער
אין צעהנדליג געפלינדערטע שטעדטלעך?
האָט איהר שוין אריינגעשטעלט פענסטער?
האָט איהר שוין פעררירכט איי'רע בעטלעך?

האָט איהר שוין נדבות בעקומען,
וואָס רעגענט פון אַלע וועלט־עקען?
צי וועט עס, אָ, אָרימע ברידער,
די פענסטער אנגלאָזען האָטש קלעקען?

האָט איהר שוין בעווײנט איי'רע טאַטעס
און מאַמעס, און שוועסטער, און ברידער?
צי ציטערט איהר אַלץ נאָך, ווי בלעטלעך
ביי'ן קלענסטען, ביי'ן מינדסטען גערידער?

צי זענט איהר נאָך אַלץ ניט פערזיכערט
מיט דעם, וואָס איהר רופט כלומר'שט לעבען?
צי דאכט זיך אייך אַלץ נאָך, אז ווייניג
האָט איהר זיי קרבנות געגעבען?...

צי גלויבט איהר אין בעסערע צייטען,
אין זיעג, און אין טרייסט און נחמה?
פערבלאָנזשעט א מאָל האָטש די האָפנונג
אין אייער פול־יאוש נשמה?...

## דער ווינד

אַ קלאַפּ האָט געגעבען דער ווינד אין מיין שטיבעל
און האָט עס אין גאַנצען צעטראָגען:
און באַלד האָט דערהערט זיך אַ קנאַל פון אַ דונער
און האָט פיעל נפשות דערשלאָגען.

צי קען איך דען צירנען אויף ווינדען און דונער ?
צי ווייסען זיי דען וואָס זיי טהו'ן ?
עס ברענט נאָר מיין צאָרען : ווי האָט עס געטראָפען
ווען ליכטיג געשיינט האָט די זון ?

דעם ווינד און דעם דונער — אַ, זיי בין איך מוחל
זיי זיינען ווי קרעפטען, דאָך בלינד:
ווי האָט דאָן געלויכטען די זון אבער, פרעג איך,
און רוהיג געזעהן אזא זינד ?...

## קידוש לבנה

צוזאמען־געדריקט אין א רעדעל, —
אין גאס — שטעהען אידען געבויגען:
מיט ליפען פערשמאכטע פון הונגער,
מיט בענגשאפט און צער אין די אויגען.

עס שטעהען פער׳יתומ׳ט די שטיבלעך
און קוקען אזוי ווי דערשלאגען,
ווי ז׳וואלטען אויף זייערע דעכער
דעם יאך פון די מענשען געטראגען.

און אלץ איז ארום אזוי טרויריג,
אזוי קאלט, אזוי גליטשיק און נאס...
עס רייסט זיך די תפלה אלץ העכער,
עס ציטערט די לופט אין דער גאס...

די קליינע לבנה אין הימעל
הארכט איין ווי דערשראקען און בלייך
און שיקט איהרע שטראלען ארונטער
און קוקט אזוי טרויעריג־ווייך...

## דער מגיד

א לאנגע באָרד, א שעהנע באָרד,
דאָך ניט געפּוצט און ניט געקאמט,
די פּאות לאַנג, געגרייזעלטע, —
דאָס פּנים לויכט, דאָס פּנים פלאמט.

עס הילכט און קלינגט זיין שטארקער קול,
עס ציטערן די בית־מדרש־ווענד,
און ווי א מלאך זעהט ער אויס
מיט זיינע אויסגעשפּרייטע הענד.

געפּערילט איז דאָס מויל ביי איהם
עס שיטען זיך ווי פונקען פייער
די רייד, דער עולם שטעהט פערטיעפט
און יעדעס וואָרט איז ליעב און טהייער.

ער רעדט פון אלץ, ער וויס פון אלץ,
פון „אייביג לעבען" נאָכ'ן טויט.
דעם צדיק „שכר" פערשפּרעכט ער פיעל.
דער עונש פון דעם רשע גרויט.

ער נעהמט א פּסוק פון תנ"ך
וואָס האָט קיין זין און האָט קיין פּשט,
און דרשנ'ט איהם אהער, אהין
ביז וואן ער מאכט איהם קונציג־גלאַט.

פון עפּיס א גמטריא
בעווייזט ער ריכטיג, דייטליך, קלאָר,
אז ס'איז די גאולה נאָהענט שוין, —
משיח קומט נאָך היינטיגס יאָהר.

דער עולם קוועלט... איין אנדערער
זיפצט אונטער זיס: אָח, טאַטע, פאָטער!
עס וואָלט שוין טאקי צייט געווען
פון וויסטען גלות ווערען פטור!...

ער געהט אראָב פערשוויצט און ווישט
דעם שווייס, פערגרייזעלט זיך די פאות
און קוקט אהין צום „קערה" דאָרט,
וואו ס'קלינגען קופּערנע מטבעות...

## נאָך גרינם

נאָך צווייגעליך קינדער, אין וואלד לאָזט זיך געהן
— און פרעהליך מיט ליעדער כסדר,
אזוי ווי עס וואָלט אויף די וועלט ניט געווען —
קיין רבי, קיין קאנטשיק, קיין חדר.

נאָך צווייגעליך, קינדער, נאָך צווייגעליך געהט,
און פוצט אוים די ארימע שטיבלעך;
דער וואלד איז ניט ווייט, הינטערן שטעדטעל ער שטעהט
און קוקט אזוי ווייך, אזוי ליעבליך.

פערוואונדערט וועט ווערען דער אלטער, דער וואלד:
וואס טהוען דא אידישע קינדער? —
דערצעהלט איהם: ס׳איז שבועות—דערצעהלט עס איהם באלד;
און זאל איהם ניט זיין צו קיין וואונדער...

און זוימט זיך וואס לענגער און רייסט וואס מעהר אז —
ניט האט פאר די טאטעס קיין מורא:
היינט מעגט איהר אין וואלד זיין, מ׳וועט גאר נישט אייך טהאן—
עס איז דאך לכבוד דער תורה!

## דער פורים שפילער

דאָס ווייב איז קראַנק, דאָך גײט זי אום
און טראָגט דעם וועהטאָג שטיל און שטום;
דאָס קינד האָט „טיף“ און ליעגט אין בעט,
און פּלוידערט אלץ און רעדט און רעדט.

און יענקיל איז אַ שאַרבען אויך,
ער שפּייזט זיך נאָר מיט וואָלקען־רויך
און מיט אַ קללה פון דעם ווייב:
„אַ בראָך, שלימזל, אין דיין לייב!“...

אין שטוב איז פינסטער נאַס און קאלט,
די ווענט זיי שרייען, דאַכט זיך: גוואַלד!...
דאָס אויווועלע, וואָס ניט געהייצט,
שטעהט, דאַכט זיך, בייז און אויפגערייצט...

עס קומט די ליעבע פורים־נאַכט —
עס האָט זיך יענקיל אויפגעוואַכט:
זיין ראָל ער לערנט מיט געפיהל,
ער געהט באַלד שפּילען „פורים־שפּיעל“...

„דאָס קינד איז, יענקיל, ביטער קראַנק“ —
ער טרייבט מיט גוואַלד דעם בייז־געדאַנק,
„עס וועט באַלד זיין דיין ליב קינד'ס „ענד!“ —
און יענקיל טרייבט עס מיט די הענד!...

און יענקיל פּרובט זיך לאכען שוין,
בעקומען דארף ער דאך זיין לוין...
עס גיסט זיך אין דער שטיל זיין בלוט,
דאך דארף ער היינט דאך לאכען גוט...

און יענקיל לאזט דאס קראנקע קינד
און געהט דערפרעהן א רייך געזינד.
און יענקיל שפּיעלט געשיקט זיין ראָל:
ער זינגט און לאכט הויך אויפ'ן סול...

## צום מלוה

(פון חומש)

ווען דיין ברודער, א געדריקטער,
איינגעהויקערט, איינגעבויגען;
מיט א דארען, בלאסען פנים,
מיט פערוויינטע, רויטע אויגען,

קומט צו דיר און עפּיס לייהען
פאר זיין הויזגעזינד אויף ברויט:
זיי־זשע, מלוה, ניט קיין מערדער,
שינד פון איהם ניט אב די הויט.
ווען עס וועט די נויט איהם צווינגען,
ווי עס טרעפט אין בייזען לעבען,
דיר, א. מלוה, אלס א משכון
ס׳לעצטע בגד אוועקגעבען, —

זאלסטו נאר דאס בגד האלטען
ביז די זון וועט אונטערקומען,
דען דאס בגד איז זיין קאלדרע,
און דו האסט זי צו גענומען.

א, זיין איינציג לעצטען־בגד,
זאלסט איהם, מלוה, ווידערקעהרען:
ביי נאכט וועט ער צו מיר וויינען,
כ׳וועל ניט שווייגען זיינע טרערען...

## ערד און הימעל

שכנים זיינען ערד און הימעל,
וואוינען לאנג שוין קעגנען־איבער,
זייט עס האט זיי גליייך בעשאפען
גאט דער גוטער, גאט דער ליעבער...

נאר א רייכער איז דער הימעל:
האט לבנה, זון און שטערען;
און די ערד איז וויסט און ארים —
זי פערמעגט קוים עטוואס טרערען...

און עס קוקט דער רייכער הימעל
אויף דער ערד מיט שטאלצע בליקען,
איז ער אויפגעלייגט, דאן לאזט ער
דריי־פייער שטראהלען ליכט איהר שיקען...

און די ערד — זי דאנקט און דאנקט איחם,
ס'שמייכעלט זיס דאס פנים איהרע,
און די קינדער איהרע ארמע,
זינגען דאן דעם הימעל שירה.

## אין גאָרטען

עס רוישט דער אָרקעסטער אין גאָרטען,
עס טאַנצען די טענער אין לופט
און ליליען און רויזען און בוימער,
זיי גיעסען און שפּריצען מיט דופט.

און דאָרט אין דערמיט ביי דער הוידע,
א לאַכען א לוסטיגעם קלינגט;
דאָרט הוידען זיך גבירישע קינדער,
דערביי שטעהט די באָנע און זינגט:

„הוידעט זיך, הוידעט זיך, קינדערליך,
פרייליכער ציהט פאַר די שטריק!
ווייסט: נאָך אין אייערע ווינדעליך
שיינט אייך שוין ליכטיג דאָס גליק!

„זעהט איהר ביי'ן פּאַרקאַן דאָרט סוד'ען זיך —
אינגעליך, קוקען אהער,
ס'געלוסט זיך זיי אויך־עט צו הוידען זיך —
נאָך וואָס! עס פעהלט זיי ניט מעהר?!

„זיינען קיין געסט דאָ, קיין נויטיגע,
אנקוקען זיי נאָר איז מאוס,
בגדים'לעך אלטע און קויטיגע —
שמוציג די באָרפיסע פיס.

„שקצים! אך זעהט ווי זיי קלעטערען,
ווילען אריינגעהן מיט געוואלד —
נארען! אומזיסט איז זיך מאטערן:
מען וועט זיי ארויסווארפען באלד.

„איהר אבער דארפט זיך נישט גנב'ענען,
אפען דער טויער פאר אייך,
ס'וועט אייך דער וועכטער נאך חנפענען,
ווייסט איהר פאר וואס? איהר זענט רייך.

„דאס איז א סגולה א טייערע
ס'עפענט א טהיר אומעטום...
אלעס איז אייערע, אייערע —
קוקט זיך צום פארקאן נישט אום!

הוידעט זיך, הוידעט זיך, קינדערליך.
פרעהליכער ציהט פאר די שטריק;
ווייסט: נאך אין אייערע ווינדעליך
שיינט אייך שוין ליכטיג דאס גליק..."

## ביי דעם גאָרטען

ביי דעם גאָרטען שטעהט דער אָר'מער
אָבגעשליסען, אָבגעריסען:
קוקט, ווי ס'ארבייט טריי דער וועכטער
בוימער, בלומען צו בעגיעסען.

לאנג, שוין לאנג האָט ניט געגעגנט,
אין חלשות בלומען פאַלען,
און עס מינטערט זיי דער וועכטער
מיט די וואסער פון די קוואַלען.

און מקנא איז דער אָרמער
זיי, די בוימער און די בלומען;
הונגריג איז ער און פערלאָזען,
און ער האָט ניט וואו צו קומען.

און פאר איינזאמקייט, פאר עלענד
מוז ער אזוי יונג פערדארען,
קיינער וועט איהם ניט דערפרישען,
ווען קען זיין וועלקען ארען?...

## קנייטשען

אויסגעזעעט אין טיעפע קנייטשען
איז זיין הויכער, ברייטער שטערען,
אויסגעקריצט האָט עס דער מזל —
די בעשרייבונג פון זיין לעבען.

ס'איז אַ לאַנגעס בוך, אַ לאַנגעס...
יעדער קנייטש איז אַ קאַפּיטעל;
ווילט איהר — קען ער זיי אָנרופען
אַלע, אַלע מיט די נעמען.

איין קאַפּיטעל הייסט: „אָהן ליעבע"
און דער צווייטער איז: „דאָס בענקען" —
„טעג — געבלאָנזשעט אין די גאַסען",
„נעכט אליין — אין וויסטען צימער.

און דער פינפטער און דער זעקסטער
אַלע אַזעלכע קאַלטע נעמען —
און דער מזל שרייבט און שרייבט נאָך —
אַלע די זעלביגע קאַפּיטלען.

ביז עס וועט אַ קנייטש נאָך קומען —
ס'איז דער טויטער — אַ לעצט־קאַפּיטעל,
און די מעשה איז געענדיגט —
שאַדע! ס'וועט זי קיינער לעזען...

## פערגראבענס גליק

ווייט פון שטעדטעל, פאר'ן וועלדעל
ציהט זיך ברייט פון בערג א קייט,
און אויף איינעם פון די בערגער,
ווי א ריז, א שטיין דארט שטעהט.

און די איינוואהנער פון שטעדטעל
ווייסען מעשיות פון איהם פעק,
און דערצעהלען זיי די מעשיות
ציטערט שטיל דאס הארץ פאר שרעק.

און דערצעהלען זיי די מעשיות
טהוט דאס הארץ ווי וועה און באנג:
ס'האבען קעניגען געקעמפפט דא
און געקעמפפט מיט וואוטה און לאנג.

און דאס בלוט האט דא גערונען,
ס'איז געפאלען ניט איין העלד:
ניט אומזיסט איז נאך עד היום
אזוי גרין ארום דאס פעלד...

און די רייכקייט פון די מלכים
ליעגט פערגראבען טיעף אין דר'ערד,
צו בעקומען דאך די אוצרות
איז קיין מענשען ניט בעשערט.

ווייל אַ מכשף האָט פערשאָלטען:
— ביז איז ער געווען און אַלט —
ווער ס'וועט גראָבען דאָ די אוצרות
דעם פערשלינגט די ערד גאָר באַלד.

יאָ, עס ליעגען גרויסע אוצרות,
אונטער'ן שטיין דאָ — זילבער, גאָלד,
דאָך נאָך מעהר פאַר גאָלד און זילבער
האָט דער מענש זיין לעבען האָלד...

און אַז ס'קומען ד'אָרמע מענשען
פון דעם שטעדטעלע אַהער,
בלייבען זיי בייַ'ן שטיין פערגליווערט
און עס דריקט דאָס הארץ זיי שווער.

און עס זיפצט ארוים אַנ'אַנדרער
מיט אַ צאַרעגדיגען בליק:
אוי, דער ערד אַזוי פיעל דלות,
אין דער ערד — אַזוי פיעל גליק!...

## הערבסט-ליעדער

1.

ס׳גיעסט א גאנצען טאָג דער הימעל,
ווי א שווארצער ים איז אויבען;
און עס קויקלען זיך די טראָפּען
אויף די טרויעריגע שויבען.

און מיר דאכט זיך, יעדער טראָפּען
איז א ברענענדיגע טרער
אויף די וויסטע שלעכטע צייטען,
וואָס עס לעבט זיך אזוי שווער.

יעדער שאַרף פון ווינד אין פענסטער,
דאכט מיר, איז א טיעפער קרעכץ
אויף דער מענשהייטס אלטען וועהטאָג,
אויף איהר עלענדקייט און שלעכטס!...

---

2.

ביי׳ן פענסטער שטעהט א בוימעלע
געבויגען, טרוקען, דאַר;
עס האָט דער הערבסט איהם קראנק געמאכט —
איך קען ניט זעהן זיין צער.

פערצווייפעלט שאָקלען זיך ביי איהם
די דאַרע צווייגלעך אום,
עס ווייגט: אך זעה ווי פינסטער איז,
ווי טרויעריג ארום!

מיר דאכט זיך, אז עס רעדט צו מיר:
אוי, אונגליקליכער מאן,
צי איז אויף בליהען נאך פאר אונז,
א האפענונג פארהאן? !

צי וועט די זון, די ווארעמע,
נאך קומען ווען אהער?
אוי, הער — דער ווינד קלאגט יאמערליך,
די לופט — ווי קאלט און שווער“!

3.

וואס וויל ער, דער רעגען? וואס קאפעט ער, וואס?
וואס רינט ער אהן אויפהער, וואס רינט ער אהן מאס?
ווער דארף איהם, ווער בעט איהם און וואס איז זיין מיין?
ווי נאריש, ווי נאריש — איך קען ניט פערשטעהן!

און וואס וויל ביי'ן פענסטער דער איינזאמער בוים,
וואס שטעהט ווי פער'יאוש'ט, וואס אטהעמט נאר קוים,
צו וואס איז זיין תכלית ביי אונז דא געשטעלט?
וואס בליהט ער, וואס וועלקט ער ביי אונז אויף דער וועלט!

וואס ווילען די מענשען, וואס געהען אין גאס?
עס איז אזי קאלט, אזוי פייכט, אזוי נאס!
וואוהין, און צו וואס? און וואס שלעפט מען זיך אום?
ווי נאריש איז אלע דא, ווי נאריש און דום!

4.

ס'איז דער הערבסט געקומען,
ס'וועלקען בוים און בלום:
געלע בלעטער זעה איך
וואלגערען זיך אום.

ס'קומט א ווינד א קאלטער
פייפט א ליעדעל צו
און די ארמע בלעטער
האבען ניט קיין רוה:
הייבען זיך און טאנצען
טויטערהייט, אהן מאכט:
און דער ווינד דער בייזער
פייפט און שפיעלט און לאכט....

---

5.

מיט התלהבות זינגט דער ווינד
און צעקאכט איז ער אין גאנצען,
שוואכע בלעטלעך פון דער ערד
דרעהען זיך און טאנצען.

און נאך העכער גרייפט דער ווינד.
גרייפט דאס ווילדע זינגען —
שוואכע בלעטלעך פון דער ערד
דרעהען זיך און שפרינגען.

א, דו בייזער, בייזער ווינד:
גאר דו זוכסט דיר פערגעניגען!
האסט זיי אבגעפליקט פון בוים,
לאז זיי איצט שוין רוהיג ליעגען!...

---

6.

און עס וויינט דאס הארץ אין מיר
אויף די בלעטעלעך די גרינע,
ווען פערגעלט, פערדארט, פערוועלקט
פאלען, פאלען זיי אין רינע.

און עס קלעמט דאס הארץ און קלעמט
ווען איך זעה דעם בוים, דעם העלד,
ליעגט, דערשלאגען פון א בליץ
אויסגעצויגען אויפ'ן פעלד.

און עס דריקט דאס הארץ פאר וועה
ווען דעם וייסען שנעע אויף דר'ערד
טרעטען מענשענס שווערע טריט,
טרעטען, שמוצען איין די פערד.

און עס גיעסט מיין אויג א טרעהר,
ווען דאס ארמע, שענע קינד
וועלקט אין קעלער פאר דער צייט,
וועלקט פאר גאר נישט, וועלקט אהן זינד...

## 7.

כ׳האָב פיינד די זון, כ׳האָב פיינד די לבנה,
כ׳האָב פיינד די אַלע שטערען;
כ׳האָב ליעב דעם שטורעם און די וואָלקען,
כ׳האָב ליעב דעם הימעל׳ס טרערען.

כ׳האָב פיינד די רויזען און די ליליען,
כ׳האָב פיינד די אַלע בליטהען;
כ׳האָב ליעב דאָס עלענד־טרוקען־בוימ׳על,
וואָס שטעהט אין פעלד אין מיטען.

כ׳האָב אַלעס פיינד, וואָס לייכט און פינקעלט,
וואָס דיענט נאָר צו בעשיינען, —
כ׳האָב ליעב נאָר דאָס וואָס אָרעם, עלענד
דאָס, וואָס מען דאַרף בעוויינען...

## אין אַ שטילען טאָג

זעחסט דעם גראָהען הימעל
אין אַ טאָג אַ שטילען,
ווי די חמאָרע רוקט זיך
פויל, אָהן מוט, אָהן ווילען...

שוים עס בלאָזט דאָס ווינטעל,
קוים עס טריפט דער רעגען,
ווי זיי וואָלטען פילען
שטאַרקער זיך בעוועגען...

אַח, פערקיחלט און מאַכטלאָז
ווערט דאָס גאַנצע לעבען — —
וואָלט אַ דונער איינמאָל
חאָטש אַ קלאַפּ געגעבען! — —



**כ'וויל זיך מיט מיין מוזע גט'ן,**
ז'האט קיין גליקען מיר געבראכט,
כ'בין פון איהר פערשווארצט געווארען,
קראנק נאר האט זי מיר געמאכט.

נו, זיך גט'ן... וואס'זשע קלערסטו? —
נעהם די ליעדער און פערברען...
ווילסט זיך אבער אויך דאס גט'ן
גלייך בעשרייבען מיט דער פען...

און עס ווערט א נייע ליעדעל,
און די מוזע שמייכעלט ליעב:
ארמער זינגער, בלאסער זינגער,
דו ביזט מיינער ביז'ן גריב...



אויפ׳ן הימעל די לבנה
שווימט פערטרויערט אין פערקלערט:
מיט איהר הייליג — געלען פנים,
קוקט זי פרום אראב אויף דר׳ערד.

זי געדענקט — אין אלטע צייטען
האט מען זיך צו איהר געבוקט,
פאר א געטין זי גערעכענט,
אויף איהר הילף ארויסגעקוקט.

נאר די וועלט איז קלוג געווארען,
און זי קרענקט און לייד׳ט דער פון:
אלע ווייסען, אז זי גנבה׳ט
ליכט און שטראהלען ביי דער זון...

## די שטאַרבענדע זון

זעהט, די זון פֿערגעהט.
אַח, ווי זי איז רויט,
רויט אין בלוט געפֿאַרבט,
זעהט, ווי שעהן זי שטאַרבט.

און דער אַלטער וואַלד אַרום
בייגט זיך גאַטספֿורכטיג און שטום:
שעפּטשעט: באַלד איז שוין איהר ענד:
וואָס האָט זי אַזוי געברענט?

## אין פעלד

איך געה אום אין פעלד,
ווי ברייט און ווי פריי!
א פויגעל פליהט דורך
און טראָגט זיך פארביי.

און מילד לייכט די זון
און ווייס ניט פון קארג:
מיט שטראהלען בעגילדט
האָט זי טאָל און בארג...

איך געה אום אין פעלד,
דאָס הארץ עפּעס שרעקט...
מיר דאכט זיך, איך הער
א קול, ווי עס פרעגט:

וואָס טוסטו דו דאָ, מענש,
און וואָס איז דיין ציעל? —
דאָ איז אזוי ריין,
דאָ איז אזוי שטיל!...

## בעגראבען

ביי דער ארבייט זיצט דער שוסטער,
זיצט דער שוסטער קראנק און בלאס;
קלאפט די צוועקלעך, ציהט די דראטווע,
קוקט דערביי ארויס אין גאס.

גאר ער זיצט צום הימעל העכער,
ערגיץ אויפ'ן פינפטען שטאק;
— אך, די גאס, זי איז בעהאלטען!
זיפצט ער, קלאפענדיג א צוואק.

ניט קיין גאס און ניט קיין הימעל, —
הייזער האבען אלץ פערשטעלט,
און איהם דאכט זיך, אבגעריסען
איז ער פון דער גאנצער וועלט...

אז ער ליעגט אין גרוב בעגראבען,
דאכט זיך צייטען־ווייז איהם אויך —
באלד פערהאפט ער זיך: א טעות!
קען א קבר זיין זוי הויך?...

# אין גאַס

„ווי פרעהליך אין גאַס איז!“ — דו פרעהסט זיך מיין קינד —
דו זעהסט נאָר דערנעבען, און ווייטער — שוין בלינד;
דו וועגד נאָר דיין אויג אַב אהינצו, אין מיטען:
אַח, דאָרטען, וואָס טהוט זיך — זאָל גאָט נאָר בעהיטען!

אָט זעהסטו: עס שלעפּט זיך א קאַסטען אין גאַס...
ווי שלעפּט זיך א קאַסטען? אַ, ביטערער שפּאַס!
עס שלעפּט איהם א אידעל פון קאַסטען נאָך קלענער;
ער שלעפּט און ער טרייסט זיך: „א צעהנער, א צעהנער!“

זעה ווייטער: א אידעל, ווי דאַר און ווי געלב!
אויף זיך אליין טראָגט ער די גאַנצע געוועלב —
אַ זעה — זיינע אויגען זיי גלאָצען און שטאַרען —
אַ זעקסעריל פּדיון! זיי קוקען און האַרען...

און ווייטער: א דראָשקע — דער פוהרמאַן ער זיצט,
דער קאָפּ זיינער וויעגט זיך, דאָס היטעל געגליצט —
ביזט חושד: א שכור... אַ גאָט וועט דיך שטראָפען!
דאָס האָט ער א גאַנצענע נאַכט ניט געשלאָפען.

און ווייטער און ווייטער — דו וואַרף נאָר דיין בליק:
מען הייבט עפּעס וועמען פון דר׳ערד אויף מיט שטריק —
עס שטעלט זיך אַב יעדער — א קוק טהאָן א בעלן.
דאָס איז אונטער משא א פערדיל געפאַלען...

ווי פרייליך איז גאָט איז! דו פרייסט זיך מיין קינד,
דו זעהסט נאָר דערנעבען, און ווייטער שוין בלינד —
דו ווענד נאָר דיין בליק אַב אהינצו, אין מיטען,
אח, דאַרטען וואָס טהוט זיך — זאָל גאָט נאָר בעהיטען!

*
*　　　*

אלע נאכט די זעלבע שטערען,
אלע טאג — די זעלבע זון;
גאט, ווי טרויריג איז דיין וועלטיל!
גאט, איך וויים ניט וואס צו טהאן.

ס'איז מיר אומעטיג צו לעבען —
ס'בלאזט אויף מיר פון אלץ א קעלט;
אלץ די זעלבע, אלץ די זעלבע —
גאט, בעשאף א נייע וועלט!

*
*　　　*

לי הכסף, לי הזהב!
האט זיך ניט געשעמט גאט זאגען,
און די גאנצע וועלט איז מיינע
און איך דארף אייך אלע טראגען.

מיינע גרויסקייט, מיינע גוטסקייט
דארף איך שטענדיג אייך בעווייזען, —
אייך, איהר פרעסער, מיט די קינדער
דארף איך קליידען, דארף איך שפייזען.

זאלט איהר — זעהט! — מיר עהרליך דיענען,
קיינמאל מיר נישט אנצוטרעטען,
און פאר אייער לעבען דארפט איהר
שטענדיג וויינען, שטענדיג בעטען...

## נאך מיין הערצענס בעגעהרען

איך ווייס ניט וואס קלוג איז, איך ווייס ניט וואס נאריש,
עס ברעכט זיך מיין מח פון קלערען, —
העי, וועל איך מיר טהאן נאר אזוי, ווי ס'געפעלט מיר,
און פאלגען מיין הארצענס בעגעהרען!

איך ווייס ניט וואו בלומען, איך ווייס ניט וואו דערנער,
איך ווייס ניט, וואו פרייד און וואו טרעהרען, —
העי, וועל איך מיר געהן אין דעם וועג, וואו עס ציהען
און רייסען די הארצענס בעגעהרען!

איך ווייס ניט וואו טויט איז, איך ווייס ניט וואו לעבען,
דעם אמת וואו קען מען דען הערען? —
גו, שטילער דו מח, העי קאכיגער, הארץ!
כ'ערפיל דיינע אלע בעגעהרען!...

## ליכט

קארג געוועז איז אונזער רבי,
און ער פלעגט קיין ליכט נישט ניצען
פון נאך מנחה ביז נאך מעריב —
אין דער פינסטער הייסט ער זיצען.

און כדי אונז צו פארנעהמען,
אז מיר זאלען זיך ניט שטיפען,
פלעגט ער דאמאלס אונז דערצעהלען
טויזענד גראהע, אלטע מיפען.

אין א ווינקעל נעבען אויבען
פלעגט ער פיעל און פיעל דערציעהלען,
פון פער'כשפטע פאלאצען,
פון פערבארג'נע טיעפע העהלען.

פון מכשפים, מכשפות
און פון רוחות און פון שדים,
און פון לצים, וואס זיי טאנצען
אין די פוסטקעס אויפ'ן בוידעם: —

און ער האט מיט זיינע מעשיות
אונזער חיות אויסגעצויגען:
שדים, רוחות און מכשפים
פלעגען שטעהן אונז פאר די אויגען.

אַך ווי שרעקליך! שטיל און פינסטער....
ס'קינדערש'האַרץ קלאַפּט אומגעהייער....
און מיר פּלעגען זיך צעוויינען:
רבי, רבי, צינד אָן פייער!...

און אַ וואונדער! ווי דער רבי
פּלעגט אַ ליכטעל נאָר אָנצינדען.
פּלעגען אַלע בייזע רוחות,
שדים, לצים גלייך פערשווינדען...

## דער חדר פון לעבען

אוי, װילט זיך ניט, װילט זיך ניט געהן מיר אין חדר,
אין קויטיגען חדר פון לעבען,
דער מאוסער רבי, דער בייזער, דער אלטער
זאל לאנגװײליג שמיצעלעך געבען...

עס װילט זיך ניט פרעגען די נארישע קשיות,
ניט הערען דעם נארישען תירוץ;
אוי, װילט זיך ניט הערען, װ׳אזוי מען פערטייטשט דארט
װאס כבוד, װאס ס׳הייסט „דרך־ארץ"...

עס װילט זיך ניט לערנען, מיט אלע תלמידים
די ספרים, די אלטע, פול שימעל;
עס װילט זיך ניט הערען די בייכער־געשרעהען,
דאס װילדע, דאס נארישע טימעל.

איך בין דאך א אינגעל מיט הארץ און געפיהלען,
איך האב אין זיך אנדערע כחות...
אוי, װילט זיך ניט לערנען אין נארישען חדר
צוזאמען מיט פױערשע מוחות...

## צו שכורים

ר'ווילט א פרעהליכם הערען?
געהט אין שענק!
איך וויים אונגליק, איך וויים טרערען. — —
איך גערענק!

ר'האט א מיטאג אבגעגעסען
און מיט וויין,
און איהר ווילט אז אליץ פערגעסען,
פרעהליך זיין.

און איהר קומט צום בלאסען דיכטער:
זינג פון פרייד!
כ'יין, איך קען ניט — איך בין ניכטער —
זינג איך לייד!

איך בין ניכטער און מיר זעהט זיך
וואס איהר טהוט,
און איך הער א קול עס בעט זיך:
שוויינ קיין בלוט.

יענעם קול נאר מוז איך פאלגען,
כ'פיהל איהם מיט,
און אהן אויפהער וועט פערפאלגען
אייך מיין ליעד...

## ביי אונז אין לאַנד

פון אַ בריעף.

ליעבער פריינד, ביי אונז אין לאַנד
איז דאָס לעבען טויט און מאוס...
ס'איינציג פרייע פייגעל־ליעד
הערט מען זינגען נאָר אויף תליות.

ליעבער פריינד, ביי אונז אין לאַנד
אַרבייט זעלטען אַ פאַבריק;
איינע נאָר — זי שטרייקט קיינמאָל:
שמידט אונז קייטען, פלעכט אונז שטריק...

ליעבער פריינד ביי אונז אין לאַנד
געהט דאָס לעבען — קוים עס קריכט;
נאָר דער טויט — ער רייט גאַלאָפּ
אויפ'ן שוואַרצען פעלד־געריכט...

ליעבער פריינד, ביי אונז אין לאַנד
הייסט אַ חסד — ווייסטו וואָס?
שטאַט צו הענגען אויף אַ שטריק —
טוידטען מיט אַ ביקסען־שאָס...

1906

## ווער עס האָט...

ווער עס האָט אַ טעמפּעל,
ווער עס האָט אַ קלייזעל,
וואו ס'בעזוכט אַ שיינקעל,
ווער — אַ פרעהליך־הייזעל.

עפּעס מוז מען האָבען,
אײנעם מוז מען גלויבען:
צי אַ טייפעל אונטען
צי אַ גאָט דאָרט אויבען...

האָסטו אָבער קיינעם,
ווילסט נאָר אַלץ פערהאַסען.
ועסטו, ווי אַ קין,
בלאָנזשען אין די גאַסען.

און עס וועט דיר ווייכען
יעדערער פון עולם,
און די וועלט די גאַנצע
איז דיר אַ בית־עולם...

*

* *

צווישען טויזענד שלעכטע מענשען
מיט פערשטיינטע הארץ און זינען,
קען זיך איינער אויך א גוטער
אפשר, אפשר ווען געפינען.

נאר נים זוך איהם, פריינד, מיין ארמער,
ס'ועט געדויערן צו פיעל יאהרען;
ביז דו ועסט איהם אויסגעפינען
וועט איהר ביידע גאנץ פערלארען...

## מיין הארץ איז ווייך...

(צו...)

מיין הארץ איז ווייך, ווי ביי א אינגעל,
וואס האלט זיך אן דער מאמעס קליידעל:
מיין מוטער איז שוין לאנג געשטארבען —
זיי דו מיין מאמע, ליעבע מיידעל.

איך וועל דיר, ווי א מאמען, פאלגען
אלץ וואס דו וועסט נאר הייסען, זאגען;
און אז דו וועסט, מיין ליעבע, שטארבען,
וועל איך נאך דיר אויך קדיש זאגען...

## צום ארבייטער

(בײַ'ן בעל־הבית'ס טהיר)

וואס האסט זיך דערשראָקען, מיין אָרימער ברודער,
און שטעהסטו ביי דער טהיר, ווי דו וויינסט?
עס האָט דיך דערשראָקען דער גלאַנץ פון די זאַלען,
דו וועסט זיי פערשמוצען — דו מיינסט.

אוי, אָרימער ברודער, אוי, נאַרישער ברודער,
געה ווייטער און זעץ זיך אוועק...
דו וועסט ניט פערפלעקען דאָס גאָלד פון די זאַלען —
דיין זעלע איז ריין, אָהן א פלעק.

אוי, אָרימער ברודער, אוי נאַרישער ברודער,
וואָס האָט דיר די אויגען פערבלענדט?
וואס שטעהסטו און גלאָצעסט און בעטראַכסט אַלץ פערוואונדערט:
דו האָסט ניט דיין ארבייט דערקענט?...

.1895

## א חלום...

איך האָב געהאַט א גוטען חלום:
מיין מאמע איז צו מיר געקומען
פון יענער וועלט, פון ליכט און שטערען,
פון שכינה־שטראהלען, ווייסע בלומען..

זי איז, א ליעבע און א באנגע,
געבויגען פאר מיין בעט געשטאנען,
און האָט מיר עפּעס שטיל געפּליסטערט —
נאָר וואָס? דאָס האָב איך ניט פערשטאנען...

צו האָט זי נאָר געוויעגט מיין זעעלע,
וואָס איז פון לעבען קראנק, דערשראָקען?
און אפשר האָט זי גאָר געוואָלט מיך
צו זיך, אין יענער וועלט, פערלאָקען?...

איך וויים ניט און געדענק שוין גאָר נישט —
עס האָט פערמישט זיך אַלץ צוזאמען...
א גאנצען טאָג האָב איך געבלאָנזשעט
און ס'האָט געצויגען צו דער מאמען...

## יום-טוב...

יום טוב. ביי א טיש א פרעמדען
זיץ איך און דיווירטין אלץ
פרעגט מיך פריינדליך: „ליעבער אורח,
אפשר איז ער אייך וועניג זאלץ?"

— א, איך דאנק... איך האב דערמאנט זיך
אן מיין היים און ס'איז א טרער
פון מיין אויג אריין אין טעלער,
און מען דארף קיין זאלץ ניט מעהר...

## דער טאג...

דער טאג איז א שווערער געוועזען,
יעדע שעה האט ווי משא געוואויגען:
עס האט זיך פון אונטער דער משא
מיין רוקען געבראכען, געבויגען...

דער צו איז דער וועג נאך געוועזען
פול־זומפען, פול־קלעביגער לעהם —
איך האב נאר געפּליסטערט איין תפלה:
וואס גיכער, וואס גיכער אהיים!...

ס'איז דונקלער און דונקלער געווארען,
און שטיל און רחמנות'דיג־באנג,
האט עמיץ אזוי ווי געטרייסט מיר:
עס וועט דאך ניט דויערען לאנג...

## אַליין...

האָב איך קיין פריינד ניט צו ווענען צו געהן,
בלייב איך אין צימער און זיץ מיר אַליין.
היגטער די פענסטער דאָרט הער איך עס ברומט,
אינוויניג — רוהט אַלץ און שווייגט אַלץ און שטומט...

איינגעצאָהלט האָב איך שוין מיין בעל הבית,
ליעג איך מיר רוהיג מיט מיין פּאַפּיראָס:
ליעג איך מיר רוהיג און האַלט איהם אין מויל;
און די געדאַנקען זיי בלאָנזשען זיך פויל...

בלאָנזשען און בלאָנזשען — ווער וויים זיי וואוהין,
דאָרט אין די שטעגען פון נאַרישען זין...
בלאָנזשעט אייך, ליעבע, ווי אייך נאָר געפעלט —
סודות פערבלייבט איהר פאַר מענשען און וועלט...

## ש נ ע

ווייסער שניי פון הימעל
פאַלט און ווערט צוגאַנגען,
פּונקט ווי ריינע טרוימען,
האָפנונגען, פערלאַנגען...

און עס וויינקען טרויעריג
פון דער הויך די שטערען:
אויף דער ערד — וואָס ס'פאַלט נאָר —
מוז צוגאַנגען ווערען...

## עס קלינגען די גלעקליך...

עס קלינגען די גלעקלעך,
עס טראָגען זיך שליטלעך;
זיי רופען, זיי ציהען — —
וואוהין? און מיט וועמען?

איך בין אין די וועגען
פון לעבען פון לאַנגען
אַן איינזאמער וואַנדרער,
א פוסגעהער שטענדיג.

וואוהין זאָל איך הייסען
דעם קוטשער מיך פיהרען?
ביי וועלכען הויז זאָל איך
איהם זאָגען: דאָ שטעל זיך?

מיט וועמען זיך שליטלען
איך איינזאמער וואַנדרער?
מיין איינציגע ליעבסטע —
זי פליהט מיט א צווייטען...

## איין שטערען...

איין שטערען געהט אויף,
א צווייטער — ער פאלט;
בערוהיג זיך, פריינד —
די מעשה איז אלט...

איין טייך רוישט און פליעסט,
א צווייטער בלייבט לעער:
בערוהיג, זיך פריינד,
דיין קוואל שלאגט ניט מעהר..

איין פייגעל הויבט אן,
א צווייטער לאזט אוים;
גו, שטילער, מיין פריינד —
דיין ליעדעל איז אוים...

---

דיין ליעדעל איז אוים,
ביזט טויט און ביזט שטום,
דו הערסט? אויף דיין גרוב
געהט עמיץ ארום.

דו הערסט — אויף דיין גרוב,
ווי אייזערנע טריט...
ווילסט שרייען: איך לעב!
דו קענסט אבער ניט...

## פרעה זיך בחור...

פרעה זיך, בחור, אין דיין יוגענד
און פערגעס אין מוסר, טוגענד:
ניט פאר דיר איז דאס געגעבען,
דו האסט נאר איין מצוה: לעבען!

גארנישט איז פאר דיר פערבאטען,
יעדע לוסט: פון גאט, פון שטן...
זאלען צוימען פאר דיר קראכען,
אלע טויער'ן — זיך אויפמאכען...

קלאפ אין אלע לעבענ'ס־טהירען,
און ניט קלער וואוהין זיי פיהרען:
צי אין גיהנם, צי'ן גן־עדן —
דאס וועט שוין דער טויט בעשיידען...

## קום, ברודער...

קום ברודער, לאמיר וואנדערען —
וואוהין ניט פרעג, דאס מאכט ניט אויס:
פון איין ארט אין דעם אנדערען —
די וועלט איז ברייט, די וועלט איז גרויס.

דאס גליק פערשפּיעלט איז סיי ווי סיי,
די רייכקייט אויך, די ליעבע אויך;
טא לאמיר ווערען פייגעל־פריי
ווי יענע — זעהסטו? — אין דער הויך...

## אויפ׳ן פעלד...

אויפ׳ן פעלד
וועהט א קעלט,
יאָגט א ווינד א בייזער,
און ער בייגט,
און ער לעגט
צו דער ערד די גרעזער.

שטיל מיט וועה
פאלען זיי
צו דער ערד אנידער:
ווי גערעדט:
ס׳איז שוין שפעט,
ס׳העלפט ניט זיין דערוויעדער.

אויס, פארביי
איז דער מאי
און דער ליעבער זומער;
סומנע, קאלט
און עס פאלט
אויפ׳ן הארץ אנ׳אומער...

## איז אוועק צום קריעג דער מלך...

(פון מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ)

איז אוועק צום קריעג דער מלך —
בלאָזען אלע שופרות פרעהליך:
שופרות בלאָזען, רוישען, ברומען,
אז ער זאָל בשלום קומען.

אין געגאַנגען ס ט אַ ך זיך שלאָגען
האָט דער טייך גענומען קלאָגען,
און די זאַנגען שטיל צו ציטער'ן,
אויף זיין מזל, אויף זיין ביטער'ן...

אויפ'ן שלאַכט־פעלד אונטען, אויבען
פליעהען קוילען, מענשען ליעגען, —
מ ל כ י ם שלאָגען זיך, ווי לייבען,
ח ל אַ פּ ע ס פאַלען ווי די פליעגען...

פאַהנען רוישען, שאַסען קראַכען
און די מחנות ציהען ווייטער;
ס'האָט אַ קויל געטראָפען סטאַכ'ען,
ס'קומט אהיים דער מלך הייטער.

ווי געקומען איז דער מלך
עפנען זיך די טויער'ן פרעהליך;
די טראָמפּעטען רוישען, שאַלען
און די זון, זי שיט מיט שטראַהלען.

ווי מען האָט גענומען גראָבען
פאַר דעם ס ט אַ ך אַ גרוב, דאָן האָבען
שטיל געוויינט אין פעלד די גראָזען
און אַ ווינד האָט צו געבלאָזען...

# אינהאלט:

ערשטער טהייל:

## די גראָהע נויט.



צווייטער טהייל:

## בענקשאַפט און פרייהייט.

דריטער טהייל:

## פאלקס-מאטיוון.



פיערטער טהייל:

## לוסט און ליעבע.

פינפטער טהייל

## צער און יאוש.

זעקסטער טהייל:

## די היים.



זיעבעטער טהייל

## ערד און הימעל.